משה גראַניטשטיין.

1. III. 941

# די גאַנגרענע

(אַ געשיכטע פון ליבע און האַס)

זיבן טיילן.

M. Granitstein ✡
c/o Gorodisky
Calle Bustamante 551
Buenos-Aires
Rep. Argentina



בוענאָס איירעס

1940

## ביכער פון משה גראַניטשטיין.

### פּאָעזיע.

שטאַפּלען, לידער און געזאַנגען.

### פּובליציסטיק.

פון תחום צו תחום, זכרונות און באטראַכטונגען איבערן שטעטל.

### דערציילונגען און נאָוועלן.

וואָס האָט געוואָלט פּרוי גאַסטער?

פוןביידע זייטן בריק

די אוואַנטורעס פון חבר האמערל.

באַם וואָגזאַל.

צוריק צום געטאָ (אַ פּייער־פּראָבע.)

מענטשן פון באַגינען.

דער בעטלער, דער ליז, דער סאָציאַלער מענטש (אַ קלינישע געשיכטע.)

### בילדער פונעם אָפּגייענדן שטעטל.

ערשטער באַנד. — דאָס שטעטל רעדט.

### סאָציאָלאָגיע.

די מאַסע און איִרע דערלייזער. (ווערטן־איבערשאַצונג.)

קורצע וועלט־געשיכטע פון אידישן פאָלק.

הויב באַלד אָן מיטן גרויסן נאָבעלן
פּאַראַט, צו זיך, און צו דער מאַסע
אַרום: ווייל, ווען נישט ד ו, טאָ —
ו ו ע ר ד ע ן ? און, אויב נישט
אַ צ י נ ד, טאָ — ווען־זשע?

---

אַרום זיבן ד. ז. אינדערפרי, האָט דער שרייבער רעזקין זיך אויפ־געריסן פון שלאָף; אַראָפּ פון זיין שמאָל בחור'ש געלעגער; אַ שפּאַן־געטאָן אַהער, אַהין; זיך־גענומען איילן אין ספּאָרט־קלוב אַריין.

(דער לייענער וועט, דאָ, באַלד־פון־אָנהויב, מוזן מוחל־זיין אַסאַך אומרעגלמעסיקייטן לגבי די, איבעראַל־אָנגענומענע, כללים פון שרייבן, ווי: שילדערונג פון אויסזעען, פון אַרום א. א. וו. עס ווערט נישט גע־טאָן געטריי, פּשוט, דערפאַר, ווייל נישט דאָס איז דער עיקר, וואָס דאַרף אויסטיילן דעם שרייבער רעזקין פונעם אַרום; ציען אף אים אויפמערק־זאַמקייט. לאָמיר זיך־אַמפּערן ווייניקער; און, אים נאָכפאָלגן שנעלער, נישט פאַרלירן פון אויג. עס וועט נישט באַנג־טאָן!)

רעזקין איז שוין געוועזן אינדרויסן. עס איז אים אַנטקעגנגעקומען אַ זוניקער סעטיעמברע־פרימאָרגן; דער בראַזג און הילך פון דער דער־וואַכטער הויפּטשטאָט. נאָר, ער האָט זיך נישט אומגעקוקט אף דעם אַלעמען; אַרויף אף אַ צענטראַלער אַרטעריע; אַראָפּ אין אַ טונעל; גע־כאַפּט די אונטערערדישע באַן — ער פאָרט...

---

...עס איז געוועזן אַריבער אַ יאָר אין דעם, אַז רעזקין האָט זיך איינ־געשריבן אין יענעם קלוב. ער האָט געהאַלטן נישט גוט מיטן געזונט; און, אויסגעפאָלגט די עצה פון אַ חבר אַ דאָקטאָר — זיך־נעמען אָפּגעבן מיט ספּאָרט. וואָס פריער, איז גלייכער...

עס האָט אים פאַרינטריגירט. אַף עטלעכע שעה אין טאָג, האָט ער געטווישט זיין שטענדיקע איינגעגעסענע סביבה, זינט יאָרן, אַף אַ נייער. אריינגעפאַלן אין אַ וועלט פון נישט־אידן; אַרגענטינער אַלערליי; מע־דיקער, אַדוואָקאַטן און יונגע סטודענטן. מע האָט זיך געפּרוּאווט דער־נעענטערן; גאַנץ־פאַרזיכטיק און איידל־קאָנווענציאָנעל. ער האָט זיך גע־וואָרפן אין די אויגן מיט זיין שאַרף־סעמיטישן אויסזעען; מיט דער ענערגיע און פליים, וואָס ער, אַ מאַן אין די שלושים, האָט אריינגעלייגט אין די איבונגען; מיט דעם פרעמדן אַקצענט, באַם באַנוצן די לאַנד־שפּראַך.

נאָר, דער עיקר, האָט ער גערעגט דעם אַרום — אָ, ער האָט עס גוט באַמערקט, באַלד, באַם אָנהויב — מיט זיין דרייסטן אופן פון פאַר־ברענגען געדאַנקען: — אַ געביט, אַף וועלכן ער איז געווען פאַר'שמ'ט אין זיין אייגענער סביבה; און, וואו נישט איינער האָט פאַר אים געצי־טערט, דערפאַר; אים געפּרוּאווט ווייכן; נאָר, מע האָט זיך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן. עס פלעגט ציען צו אים — אָ, ער האָט עס גוט צוגעזען און געשמייכלט, דערביי — אומווידערשטייליך. ווי אַף אַ פלאַם־פייער. קו־מען אין זיין מחיצה, כאַפּן אַ ברי און אָפּשפּרינגען...

היינט, אַ כל־שכן דאָ, אין דער נייער נישט־אידישער וועלט; וואו מע איז נישט געווען געוואוינט צו אַזעלכע זאַכן... וואו ער איז כמעט געווען דער איינציקער פאַרשטייער פון דער פרעמדער עקזאָטישער ראַ־סע, וועלכע איז דאָך, כידוע, קיינמאָל קיינעם נישט איבעריק ניחא צום האַרצן...

ווי עס פירט זיך, געוויינלעך, אין אַזעלכע פאַלן, — פריידט מען זיך אַזוי לאַנג צווישנאַנאַנדער, ביז מע פריידט זיך אָפּעט. אין דעם פאַל, דאַרף מען מוחל זיין, איז באַ מענטשן און חיות — דאָס זעלבע. מע נעמט נישט אויף גערן דעם פרעמדן; וואָס רייסט אויף די גרעניץ; צע־קאַליעטעט די איינגעשטאַנענקייט, דעם גוטן טאָן; די דערצויגנקייט, דעם שטייגער... אָ, קיינער פון אונז וועט נישט גיין, מיר־נישט־דיר־נישט, לאָזן איינשרימפּען דעם אייגענעם אידעאַלן הינטן — אין וועלכן מע איז אַזוי בלינד פאַרליבט; פאַנאַטיש פאַרגלויבט, — און מאַכן פּלאַץ פאַר אַ נייעם, אַ פרעמדן. עס שטייט אים פאָר, דאַריבער — יענעם, דעם אָנגעטראָגענעם ליץ, — אַ שווערער קאַמף. ביז, ער הויבט אָן צו פאַר־נעמען פּלאַץ. ער נעמט פועל'ן באַם צווייטן צד נאָכגיביקייט; אי דאָס — פאַרן פרייז פון גרויסע הנחות לגבי דעם שטאַרקערן; וועלכער פאַר־שלינגט אים אינגאַנצן, דעם נייעם; קאָכט אים גוט איבער; און, דאַן מייקנט ער אים, ווידער, אויס פון זיך — אַ מאָדעלירטן; איינעם פון אַלע.

דאָ, אין דעם געגעבענעם פאַל, איז אויך נישט מחויב געווען צו

זיין אַנדערש. מענטשן, פון אַלערליי שיכטן, האָבן זיך געפּרואווט דער־נעענטערן צו אים, צום אומבאַקאַנטן; אים ארומשמעקן פון אַלע זייטן; געפּאַרשט, לאַנג און געדולדיק. עס איז געגאַן אַף אים, אַזויווי אַ צו־פלוס. אים געשוועכט און געכלעשטשעט, פון אויבן ביז אַראָפּ... ביז, עס האָט געגומען קומען דער אָפּפלוס; ווען, מע איז אָפּגעטראָטן פון אים; אים איבערגעלאָזן, אַזויווי אַליין; און איגדרוויסן... דערביי, איז כדאי געווען צו באַמערקן, וויאַזוי אָט די צוויי פּאַזן, פון צופלוס און אָפּפלוס, האָבן זיך געשטאַלטעט.

עס איז געווען, באַלד באַם אָנהויב; אין דער פריער פרימאָרגן־שעה; ווען מענטשן זענען זיך צונויפגעקומען, ווער — פונוואַנען, פון די היי־מען, אויסגערוטע, דערפרישטע; געגומען ארונטערוואַרפן פון זיך די איי־גענע בגדים; אריין אין די אוניפאָרמירטע ווייסע ספּאָרט־קליידער; פאַר־זאַמלט, אַלע, אינעם גרויסן זאַל פון די איבונגען, — דאַן איז געווען אַ נחת אַף זיי צו קוקן. עס האָט אריבערגעשוואומט פון איטלעכן דער „גוט־מאָרגן"; צוזאַמען מיטן פרייען גוטן שמייכל, וואָס האָט זיי געפּרואווט אויפגיסן אין איינס; צונויפדרעגגען, ענגער־מאַכן. דאַן, איז געווען גוט דאָס רעדן; מילד און פאַרצייענד — דער וואָרט־געפעכט; אין דערוואַר־טונג אַפן ליבן פּראָפעסאָר, וועלכער קומט באַלד אריין. ער וועט גלייך אַ סוף־מאַכן צו אַלע זייטיקע שטרייטן. ער רופט אויף אַלעמען צום גרוי־סן קאַמף פאַרן לעבן...

— איינס, צוויי, דריי... איינס, צוויי, דריי... אַלע, ווי איינער, יונג און אַלט,אין דער ריי... לויפן, שפּרינגען, שנעלער, העכער, שטאַרקער... וויים, די טיפע אינערלעכע קוואַלן פון לעבן זענען און בלייבן אומדער־שעפּבאַר!...

גאָר, אָט פאַרגייט שוין די ליכטיקע וויזיע. זי גרייכט צו איר ענ־דע. עס ברעכן זיך די רייען. אַלע, גליקלעכע, צעשטראַלטע; מיט צעהיצ־טע, אויפגעשטורעמטע לייבער; לאָזן זיך צום ארויסגאַנג. מע וואַרפט זיך דורך מיט קורצע באַגייסטערטע פראַזן. מע איילט זיך צום איינ־וואַשן; ארונטערשווענקען פון זיך דעם שוויים; איינלעשן די פאַרפּאַליע־טע הויט פון גוף... גאַנץ פּלוצים, קומט די דערוואַכונג. ווי עס נעמט ארויסגיין אַף איטלעכן זיין אייגענע הויט. די, פון נעכטן, אייערנעכטן; די פון תמיד. דער זעלבער בליק; די מינע; די האַלטונג. שטאָלץ, גאווה, פּאַריסנקייט; און, מיט־אייפער־אויסבאַהאַלטענע, זאָרג... אָ, גאָרנישט האָט זיך נישט געענדערט. אַלץ האָט צוריקגעקערט; עס בלייבט, ווי געווען...

עס ווערט שפּעט. איטלעכער איילט צו זיך. מע קריכט אריין אין די אייגענע בגדים. פאַרשפּיליעט אַף אַלע קנעפּ. מע מאַכט זיך צו־רעכט. באַלד, אריין אין אייגענעם טראָט...

„—...נאָך אַלעמען, נעמען זיך עס מענטשן, דאָ, צופיל צוטרוי איינאַנדער... און ס'אַנדערע — דאָ איז דאָך נישט קיין קלוב פאר סאָפיסטישער דיאַלעקטיק, קאַראַכאָ!... געקומען, געגאַנגען, אַדיאָס!...”

עס האַלט פארן אַוועקגיין. די שעה, ווען מע דערקענט זיך נישט מער, כמעט.

*  *

*

עס איז אומפאַרמיידלעך דער נאַטירלעכער אָפּקלויב; איינעמס אפּערקומען פון צווישן אסאַך; יענעמס אויסטיילן זיך פון נעפּל; נעמען זיך ווארפן דיר אין די אויגן; זוכן דיך; זיך־שטרעקן דיר אַנטקעגן.

אזוי, קלויבן זיך אָפּ אַ פּאָר; דאָס אינגל מיט דעם מיידל. זוכן זיך אויס פון צווישן דער טאַנצנדיקער מאַסע. נעמען האָפּקען אַן אייגענעם גאַנג.

אז רעזקין איז געבליבן אַליין; עס האָט זיך אויסגעדוכט, ווי אַלע האָבן אים געלאָזן צו זיך; אַליין, זיך צוריקגעצויגן, אין אָפּפלוס, פון אים; זיך אויפגעמישט, אַלע אינאיינעם, אין איין ווייטן טונקעלן גאָס; וואָס נעמט ברומען פאר זיך, אומפאַרשטענדלעך און פרעמד; און אים, דעם פרעמדן, אינגאַנצן־נישט־אינזינענהאָבנדיק מער, — אָט אין יענער כאַראַקטעריסטישער שעה, האָט זיך געפּרואווט אָפּטיילן איינער פון זיי אַלע; נעמען גיין צו אים, אומזיכער, נישט־הרייסט; מיטן האַלב-פארשעמטן שמייכל אפן פּנים; וואָס בעט, נ י ש ט צו לייגן קיין געוועכט מער אף י ע נ ע דאָרט, אין הינטערגרונט; און אף זייער גראָטעסקער טראַציקייט, כלומר'שטער פיינטלעכקייט און פסעוודאָ-זעלבסטווערדע; וואָס איז, זיכער, אַ פּועל־יוצא פון אומבאַהאָלפנקייט, איידער ווי פון שלעכטיקייט, חלילה...

רעזקין האָט אים אויסגעהערט, באַטראַכט. ער איז געווען, יענער, אַ הויכער, שלאַנקער יונגערמאַן; אַ טונקעלער; אַ רואיקער. ער האָט געלאָזן פאָרגעבראַכט געדאַנקען, איבערלעבונגען. ער איז, קענטיק, געווען נישט אינגאַנצן אָן דערפאַרונגען. ער האָט געוואוסט צו רעדן, מיט טאַקט און אַנונג, וועגן לענדער און פעלקער; וועגן פּראָבלעמען, וואָס האָבן, דער עיקר'שט, געשטעקט אינעם קעסל-קאָך פון אייראָפּעאישן קאָנטינענט. ער האָט נישט ליב־געהאט זיך אויסצורימען; שטעלן אין פּאַסאָן: עס וואָלט באַלד געוואָרן דערווידער זיין לויטער קינסטלעריש געמיט. אָבער, ער האָט דאָך פאָרט געוואוסט אסאַך; און זיין דורשט צו דערגיין זאכן איז געווען בא אים אַ ליידנשאַפטלעכער; וואָס האָט געקאָנט צעצינדן אַן אומרו...

באַלד, פלעגט ער זיך, אָבער, ווידער באַהערשן. דיר אפן אויג, איז זי אָנגעגאַנגען, די פאַרוואַנדלונג זיינע: וויאַזוי, פון זיין טונקל-געוואָרע־נעם בליק; דעם פאַרנעפּלטן און ווייטן; וואָס האָט אים, אָקאָרשט, גע־מאַכט אָפּפרעמדן פון דיר אינגאַנצן, — האָט, ווידער, גענומען אויפ-שיינען אַ לויטערקייט; צעשפּראָצן אַ היימישקייט; אַ וואַרעמער שמייכל איבער זיין גאַנצן שיינעם אויסזעען; אים ווידער דיר אומגעקערט, אַ נאָענטן און אַ גוטן. און, ער האָט, אַצינד, די הענט געשטרעקט צו דיר; ווי געבעטן, אים פאַרצייען דעם מאָמענטאַנען לייכטזין, וואָס ער האָט זיך געקאָנט פאַרגעסן, דיך פאַרלאָזן — אַ רגע...

רעזקין איז געבליבן פאַרינטריגירט. אַף אַזעלכס האָט ער זיך נישט געריכט... נאָר, ער, וואָס איז געווען געוואוינט צו דערפאָרשן אַן ענין, אַף ווי ווייט עס לאָזט זיך; און, נישט גלויבן דער אויגנשיינלעכקייט אַליין, — ער האָט זיך נישט פאַרלוירן. ער איז אויך נישט געבליבן איבערגע־ראַשט, נישט געפּלעפט... אַלץ אינעם לעבן איז געראַנגל. דיין באַגעגע־ניש מיט מענטשן און זאַכן. קיינס גיט זיך נישט מיט גוטן; לאָזט זיך נישט נעמען; היט דיך, עס דערלאַנגט אַף צוריק... עס פאַנגט אָן שווע-רער ביטערער קאַמף, ווער — ווער... אָדער, דו — יענעם; אַנישט, וועט ער — דיך. עס איז קאַמף. אַפּעליר נישט נאָך קיין יושר. אין רחמים בדין... ער, רעזקין, פלעגט, אין אַזעלכע פאַלן, זיך פאַרלאָזן אפן מושכל ראשון. דער ערשטער איינדרוק איז דער בעסטער... יענער איז גוט צו־געגרייט, פאַרמאַסקירט. דאַרום, זאָלסטו באַלד אָנכאַפּן ב א ם צ וו יי-ט ן ע ק, — וועלכער בלייבט, אין דעם פאַל, שוצלאָז...

—...וואָס אַן אמת; קומט ער אים פאָר זייער סימפּאַטיש. ער איז אים צום האַרצן, זיין נייער פריינט, ראַול באַזשעסטער. און, וואָס אַ טאָג, ווערט ער דאָס אַלץ מער...

יענער האָט געדאַנקט, מיט פאָרנעמער העפלעכקייט; אַ געריוטער, קענטיק, פונעם לויב, הגם — אַ פאַרדינטן; אַף וועלכן ער האָט, אַף זיין באַשיידענעם אופן, אויסגעקוקט ווי לאַנג...

איצט, אַז דאָס קליינע שליסעלע אַף פּראָבע האָט אַזוי־ריכטיק אַריינגעטראָפן אין יענעם קאָמפּליצירטן מעכאַניזם — אַן אָפּגעשלאָסע־נעם, ווי דער שטייגער איז בא מענטשן, אַף אַלע זיבן שלעסער פאַראַ-מאָל, — האָט רעזקין (— דער טייוול, ווי ער האָט זיך אַליין באַטיטלט, מיט אַ טיף־אינערלעכן שלעכטן שמייכל;) גענומען פירן דערמיט אוי-סערט־פאָרזיכטיק, אַף נישט צו רופן קיין פאַרדאַכט. ער האָט, וואָס אַ טאָג געעפנט ברייטער די שפּאַרונע אין יענעמס אַלטעגלעכער וועלט; אין די ווייטע אָפּגעלעגענע וואָכעדיקע צימערן, אַזוי גוט־אויסבאַהאַלטענע פאַרן פרעמדן נישט-געוואונטשטן אויג; אַזוי גוט-פאַרשטעלטע, פאַרן דרייסטן אומפאַרשעמטן גאַסט — מיט די פעדערשטע, שיין־באַצירטע־

און־מיט-שמייכלען-אַלערליי־באַהאַנגענע, אויפנאַם־זאַלן; ברייטע באַלויב־טענע סאַלאָנען; אַוואו דער אייגנטימער האַלט אויפגעזאַמלט, אונטער שטרענגער אָרדענונג, דעם גאַנצן גלאַנץ און פּראַכט; אימער — באַרייט־זייענדיק אַנטקעגנקומען דעם נאָבעלן נייגיר פון די ליבע איינגעלאַדענע, לויט אַלע די דערהויבענע רעכט פון גאַסט־פריינטלעכקייט...

אים אָבער, רעזקינען, ווי געזאָגט, איז געגאַנגען אין דעם — אַרי־בערצוכאַפּן זיך, אומבאַמערקט, אַ ה י נ צ ו — אין צווייטן שוצלאָזן עק פון מענטשנס הויז; אין די קליינע נישט-באַצירטע און נישט-אויסגע־אָרדנטע צימערלעך, וואו מע בלייבט פאַרהוילן צו זיך. על־כל־פּנים, מיינט מען, אז מע בלייבט...

און, זייער פריינטשאַפט איז געוואַקסן. זיי האָבן זיך גענומען זוכן איינאַנדער. אָפּגערעדט, און געקומען אין קלוב אַריין אַפּולע פריער, פאַר די איבונגען; פאַרבראַכט צוזאַמען אין שמועס; און דערנאָך, אַז די איבונגען זענען געווען פאַריבער, האָבן זיי נאָך אַלץ נישט געדאַכט צו שיידן זיך. דאַן, פלעגט מען איינשטייגן אין יענעמס אויטאָ, וואָס האָט שטענדיק געוואַרט באַ דער זייט פונעם ספּאָרט־קלוב; און, מע איז אַוועק־געפאָרן, אַף שעה'ן לאַנגע, צו די ים-ברעג־בולוואַרן, אויסער דער שטאָט; צו אַלערליי פּאַרקן; אויסגעשטיגן, אומגעשפּאַצירט, געשמועסט; און, איינ־געשטיגן ווידער; געפאָרן ווייטער.

אזוי טאָג־איין, טאָג-אויס.

* *

פריינטשאַפט, ווי יעדער נאַטירלעכער אָפּקלויב, ווי געזאָגט, האָט אין זיך אַלע עלעמענטן פון מאַן-און־פרוי-געראַנגל. עס איז דער קעגנ־זייטיקער געהיימער פאַרזוך — זיך־אַריינבאַקומען אין יענעמס פאַרבאָר־גענער וועלט; זי לאָזן צעשטערט, אויסגעפּלינדערט; שטעלן דעם צווייטן צד פאַר אַ געשעענעם פאַקט. דערנאָך, אַז מע כאַפּט זיך, איז שוין צו - שפּעט; נאָך אַלעמען...

עס איז דער קעגנזייטיקער שלויער פּרואוו — זיך-אַריינ'גנב'נען אין דעם שונא'ס האַריץ, עס אויספאָרעסן... און, געטאָן ווערט דאָס אין־צייט. גראַדע דאַן, ווען אין די פּאָדערשטע זאַלן גייט אָן דער באַל; און דער ליבע־דועט שלאָגט אָן די העכסטע טענער, אין עקסטאַז, אין לויב, אין פּאַראַט... אָ, ווער קאָן זי נישט, די צאַרטע מענטשן־פריינטשאַפט; אונ-זער איידעלן קאַניבאַליזם!...

אַצינד, האָט רעזקין געמוזט זיין אַף דער וואַך. ער האָט זיך געגיבן רעכענונג, אַז — אַזוי ווי ער — יענעם, אַזוי לויערט יענער אויך; טאַפּט די שעה...

דער עיקר, האָט רעזקין צוגעזען, וויאַזוי יענער שפּילט גרויס; שפּילט ברייט. ער שלאָגט אויף דער גראַנדיעזקייט, אויפן פאַרנעם; וויאַזוי, ער פירט דורך אַלץ מיט אַ סדר, און אונטער שטרענגער דיסציפּלין. דער עיקר — דאָס לעצטע, די דיסציפּלין, איז געוואָרן זיין ליבלינגס־שלאָגלע־ריש וואָרט. און דעם, טוט ער זיך נישט קיין ריר...

ער איז געווען שטאַרק להוט נאָך שפּראַכן אייראָפּעאישע אַלערליי. האָט ער זיך נישט געהאַיעט, אַזויווי אַנדערע; נישט פאַרלוירן קיין צייט אומזיסט. ער איז געפאָרן שטודירן די באַגערטע שפּראַכן אין די לענ־דער פון זייער לעבעדיקן אומגאַנג. דאָרט, פאַראיינוועגס, (און אַלץ, מיט דעם זעלבן סדר, מיט אַ טאָלק;) האָט ער שוין אויפגעכאַפּט — תמיד, אויפן אָרט — די פאָלקס-שטריכן, מאַנירן, כאַראַקטער־ליניען; אָט יענעם גאַנצן קאָלאָריט, דעם פאָלקלאָריסטישן קלאַפּערגעצייג, וואָס האָט אַלץ צו־טאָן דערמיט, ווען מע וויל דערגרינטעווען דעם אוצר פון אַ אידיאָם...
ער האָט דאָס געטאָן — נישט-געאײַלט; מיט געמיט און געשמאַק; טאַקע נאָר, ווי ווען מע איז דורשטיק, און מע דערקוויקט זיך פון אַ פרישן קוואַל... אָט דאָס איז געווען אַ רייזע; טריומף־צוג פון לאַנד צו לאַנד; לעגענדאַרישע שפּיל!... אַז ער פאַרגעסט זיך, צומאָל; ער מאַכט די אויג־גן צו, — נעמט אים אַליין פאַרקומען, דעם גליקלעכן, וויאַזוי — אַלץ אין אים גייט אויף צוריק, נידעריקער אַלץ און טיפער צום גרונט... וויאַזוי, ער באַוועגט זיך שוין נישט מער. ער בלייבט שטיין, איין-ערגעץ, מיט־וועלט — אינגאַנצן אַן אַנטהילטער, אַן אויפגעצאַפּלטער; מיט אַלע זיינע פיבער־סטרונעס — צו די ווינטן, פרייע שטורעמס... וויאַזוי, פאַרביי אים ציען פעלקער אַלערליי; אין געזאַנג און אין מאַרש; אויפקום און אַפּגאַנג; שפּילן אויס אויף זיין צעבראַסטעטע האַרץ יענע איינציקע וועלט־סימפאָניע פון ליבע און האַס... אָ, דאָס איז געווען געטלעך, ווי אין אַ אַנטפּלעקונג!...

אַזוי, איז ער זיך פאַרגאַן, אין זיין דעליריום, זיין פריינט; אַז ער, רעזקין, האָט אים נישט געשטערט. אַז ער פלעגט צוריקקערן, נאָך אַזאַ רייזע, — האָט ער אינגאַנצן געשיינט, אַ באַגליקטער. אין זיין געמיט, האָט מען געזען, האָט נאָך געוואָרשט דער מאַרש פון פעלקער־אין-צייט; זיך-געהאַלטן אין דערוויטערן, ווי אַן אָפּגעלעגענער דונער־אָפּהילך; אים געלאָזן קומען צו זיך... ער האָט איצט געהאַט אַ פול מויל מיט התנצלות פאַר זיין נייעם פריינט, פאַר רעזקינען — הלמאי, ע ר אַ ל יי ן איז אַזוי ווייט פאַרגאַנגען; און אים, דעם פריינט, דאָ אַליין געלאָזן; אינ־גאַנצן אַליין...

* *

עס איז שוין אָבער געווען די העכסטע צייט פֿאַר ביידן — נאָך א היבשן קענען-זיך, פֿארברענגען צוזאמען, — אז זיי זאָלן איינוויליקן אָפּצולייגן אין א זייט די הויכטאָניקע איידעלע דעקלאַמאַציע; דעם פֿאָר־שטעלערישן טעאַטראַלן מאַניר — מיט איין וואָרט, די וויזיט־פּאָזע; ארונטערנעמען די זיידענע האַנדשו, און — אַריבער צום לשון-בני־אדם; ווי פּשוט׳ע מענטשן רעדן, פֿארברענגען... עפּעס, שטייט דאָך נישט די צייט פֿאר די יעניקע, וואָס האָבן צו טאָן! אפשר, קאָנען זיך אָט די צוויי לצים אזויפֿיל מיטטיילן איינאַנדער; היינט, אַף וואָס וואַרט מען?

אַזוי האָט רעזקין געטראַכט; שפּירנדיק, אז באַלד פֿאַרלירט ער דאָס געדולד... ער אַליין האָט נאָך יענעם אַזוי ווייניק מיטגעטיילט פֿון זיין פּיין און אומרו!... וואָס ווייסט ער, יענער, פֿון פּעלקער־גורלות; פֿון פּאַרטיי־פּינג און אויפֿגאַנג!... אַ זון פֿון אַ יונג פֿאָלק, וואָס גיט ערשט קינדער־ספּעקטאַקלען, מיט געזאַנג און דעקלאַמאַציע, וועגן דיסציפּלינען, דורשט נאָך וויסן, פֿאָרשונג, און — ווייטער דערפֿון גייט עס נישט...

אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך. באַלד, באַם באַקענען זיך; האָט ער געלאָזן, יענער, אין רעזקינס האַנט, זיין וויזיט-קאַרטל, וואו עס האָט זיך געלייענט בלויז „ראָול מ. באַזשעסטער". עס איז נישט געקומען אין באַגלייטונג קיין שום טיטל, וואָס זאָל אויסזאָגן, ווער דער מאַן איז; זיין באַשעפֿטיקונג, הכנסה-קוואַל, צי וועלכע סאָציאַלע שטעלונג; פּשוט — וואו נעמט דער מאַן אַזויפֿיל, וויפֿל מע דאַרף, אַף צו אַנטקעגנקומען אַזאַ קאָלאָסאַלן קינסטלערישן געשמאַק. ווי ער אַליין וויל האָבן, אז ער פֿאַרמאָגט?!...
מיט דער צייט, פֿון געשפּרעך; האָט זיך רעזקין דערוואוסט, אז ער האָט פֿאַר זיך אַ געענדיקטן מעדיקער, וואָס פּראַקטיצירט נישט...

„—...דער עיקר — האָט ער דערקלערט, אין אַ באַשיידן־שטאָלצן טאָן; באַלד, באַגלייט מיט אַ פֿייערלעכקייט — איז דער וויסן גופא, אָן־און־פֿאַר-זיך; דער פֿאָרשן-לשם-פֿאָרשן; די זעלבסט־דיסציפּלינירונג און צוימונג; די איינשפּאַנונג פֿון דער אייגענער אינטעליגענץ אין רייטוואָגן פֿון דערגיין, גרינטעווען אַלץ, ווי ווייט עס לאָזט זיך; לעשן דעם דורשט. דעם גרויסן נייגיר, אונזער יונגע קינדערשע קוריאָזיטעט... עך, וואָס ווייסט איר, אַלט־געוואָרענע אייראָפּעער, פֿון דעם אַלעם!..."

אַזוי האָט זיך עס ארויסגעכאַפּט באַ אים, אינגליש-חוזק׳דיק; גאָר־נישט, ווי זיין שטייגער איז געווען, ביז אַצינד — אָנגיין כסדר מיטן גרויסן איידעלן פֿאָרזיכט; און — עס האָט געלאָזן, אים אַליין, פּלוצים, אין גרויס פֿאַרלעגנהייט... ער האָט זיך געזאָלט נעמען, ווי זיין שטייגער איז געווען, צו די ניין מאָס אַנטשולדיקונגען. נאָר, רעזקינס האַנדלונג האָט אים אָפּגעהאַלטן דערפֿון...

(...אָ, ער האָט צופיל געהאָרעוועט, רעזקין, אַף אריינצושלאָגן יע־
נעם אין אַזאַ טאָן, אַז ער זאָל אים איצט גיין ארויסלאָזן!...)

ער האָט געשמייכלט און אים אַפּלאָדירט, פאַר זיין דרייסטקייט... ערשט איצט — האָט ער אים געזאָגט — איז מען ארויף אַף אַ וועג. טאָ, לאָמיר זיך האַלטן דערביי; פריי, אומגעשטערט...

—...ער ווייסט שוין, רעזקין, אַז יענער שטודירט שפּראַכן. ער גייט אויך איצט אַפּן יורידישן פאַקולטעט; באַקאַנט מיט פילאָזאָפיע, אַלטער און נייער, וועגן רעכט פון מענטשן אַף דער ערד... אָ, ער שטייט נישט אָפּ, אין זיין דראַנג נאָך פאַרפולקאָמונג, אימער גיין פאָרויס; און, דער־ביי, בלייבט ער — אַזוי איידל, אומדרייסט, — באַ זיין אומבאַטיטלטן באַשיידענעם נאָמען בלויז; וועלכער קומט אָבער אפער, דערפאַר טאַקע, באַזונדערס גרויס, אויסגעוואַקסן — ווי נאָר אַ פּשוטער מענטשן־נאָמען אַליין איז ווערט זיך צו דערהויבן... ער איז, באמת, אַ זעלטענער פאָר־גייער פון זיין נאַציע, וואָס פאַרדינט אַ באַזונדער לויב... ער, רעזקין, באַטראַכט דאָס פאַר אַ גליק, זייער צוזאַמענטרעף; וועלכער מוז זיין פרוכטבאַר פאַר ביידן...

אצינד, האָט רעזקין באַטראַכט דעם פרעמדן; געלאַסן, איינגעהאַל־טן... ער האָט, אָקאָרשט, גאַנץ איידל, אָפּגעגליטשט פון אונטער יענעם דאָס פּאָעטישע שוואונג־פערדל; עס אַוועקגעיאָגט; און אים אַליין, יע־נעמען, געפּרוווט לאָזן דערשפּירן האַרטן באָדן אונטערן טראָט...

—...איר ווייסט, הער באַזשעסטער... איר רעדט אַסאַך פון דיס־ציפּלינען. עס איז ערלעך דאָס, וואָס איר זענט פּאַרזיכטיק. איר שטעלט נישט אַף זיך אינגאַנצן. איר זוכט כסדר אַן אָנשפּאַר. אַזוי ארום, זענט איר פאַרזיכערט פאַר פאַלן. ריכטיק... אָבער, וואוהין פירט דאָס? — איר אַליין ווייסט קיינמאָל נישט. איר ווערט געפירט אהין, וואוהין ד ע ר גייט, י ע נ ע ר. אָבער, איר אַליין, וואוהין— גייט — א י ר ?... איר האָט שוין געפּרוווט וו ע ן אַ שטעל־טאָן זיך אַף די אייגענע פיס? זיך־לאָזן אַליין גיין, פאַלן, זיך־אויפהויבן, און וויטער געגאַנגען?... איר האָט דאָך א יי ע ר א יי ג ע נ ע ם וו ע ג אינעם לעבן; וועל־כער איז אַזוי גרויס און חשוב אונטער דער זון, אַזוי איינציק אין זיין פאַרנעם, ווי עס איז דאָס דער וועג פונעם גרעסטן, פאַר און נאָך אייך,

—טאָ, לערנט זיך א ל יי ן גיין! איבער אים! שוין צייט, מיט אַן אמת, ארויס פון די קינדערשע שיכלעך; פונעם וואַקלדיקן טראָט; נע־מען אייגענע ריכטונג, אהין, צו זיך... עס וועט אייך קיינער אהין נישט פירן מער. איר בלייבט פאַרלאָזן, אין דער פינצטער. פאַרשטעלט פאַר אייך אַלע וועגן, שטעגן... אַלץ גייט אַף אייך; איז קעגן אייך, דעם גע־וואַגטן; וועלכער איז פּורץ גדר, אראָפּגעקראָכן פונעם גלייכן אויסגע־טראָטענעם וועג; און, ער שלאָגט זיך אַליין קאָפּ אָן דער וואַנט, ביז — ער

וועט אומקומען!... עס וועט אייך קיינער נישט בענטשן מער, דעם מו־טיקן מאַן. מע וועט אייך נאָכשיקן אַ פלוך... נאָר, איר — דאָס אומדער־שראָקענע גרויסגעוואַרענע קינד — זעט נישט מער קיין וועג אַף צוריק. זעט נישט, אפילו, קיין שיין אין פאָרויס... נייערט, איר שפירט דאָס ליכט אין זיך. עס פירט אייך, קרעפטיקט דאָס געמיט; ווען איר פאַלט און צייכנט, דורך דער נאַכט, דעם בלוטיקן שליאַך צו אייער גרויסן היי־ליקן סוד פון באַגינען...

— אייערע רייזעס צווישן פעלקער און לענדער זענען רירנד ביז גאָר. עס שטייען אייך אָבער פאָר, פון אַצינד און וויטער, אַנדערע אינ־טימערע שליחות'ן: — אַ רייזע אין דער טיף פון אייער אייגן האַרץ און מאַרך. אין געדיכט־פאַרפלאָנטערטן בתולה־וואַלד פון אייער נאָך־נישט באַרירטן „איך”... איר רעדט, אַף אַזויפיל שפראַכן, וועגן אַלץ אין דער וועלט; וועגן דעם, וואָס ד ע ר זאָגט; וואָס יענער. אָבער, איז דער־ליבט צו פרעגן: — וואָס זאָגט א י ר, און אַף אייער אייגענער, פון־קיינעם־נאָך, ביז־אייך, נישט־ארויסגעבראַכטער, אינטימער שפראַך?!

— איר זאָגט — איך ווידערשפרעך מיך; פלאָנטער זיך אין די איי־גענע רייד; אינעם אָנגעהויפנטן בינשטאָק פון שפּליטער־געפילן און גע־דאַנקען, נישט־דערזאָגעכצן און שטימונגען אַלערליי; וואָס בלענדן דאָס געמיט, ווייען אָן אַ כאַאָס; לאָזן זיך נישט אָנכאַפּן, באַלד — זיי פאַר־שווינדן... אַז די שטימונגען מיינע פון היינט, און די, וואָס פון נעכטן, נעגירן זיך איינאַנדער; ווי טאָג מיט נאַכט אַלציינס... און, עס איז אמת... מענטש פאַנגט אָן דאָרט, וואו פאַרלעגנהייט. מע בלייבט שטיין, גע־בליפט; אין עקסטאַז, פאַרווירונג, פאַרן אומבאוואוסטן... מענטש דענקט דען?!... ער שפירט בלויז, איידל און טיף, דעם אינינגסטן רויש; זיין איי־גענע אינטימע פרייד און פיין...

— איך וויל זיין אַ לעבעדיקער מענטש; מיט אַלע מיינע אָפענע חושים צו דער וועלט.

מיט האַרץ און מיט מאַרך, צו דער זון און צו דער נאַכט;
צו דער פרייד און צו דעם טרויער פונעם לעבן;
צו אַלע וויזיעס פון פיין און גליק.
איך וויל זיך אָנטרינקען מיט יונגן לעבנס־זאַפט, מיט באַגינען־טוי; און זינגען צום אויפגייענדן ליכט.
איך וויל פאַרגיין, אין טייכן בלוט און פלאַם, מיט יעדן זון־פאַרגאַנג; אין טויט־אַנגסט פאַרן אומקום...

— איז דאָס ווידערשפרוך?! — מעגלעך, פריינט... נאָר, איך בין

גאנץ. ווי טאָג מיט נאַכט, פאַרפּול איך מיך; אין לעבנס-גאַנג, אינעם לע־בנס רויש...

זיי זענען איצט געשטאַנען אינעם גרויסן געזעלשאַפטלעכן סאַלאָן פונעם ספּאָרט־קלוב. אַהער האָט זיך, פּאַראַמאַל, אַריינגעריסן אַ שטור-מיש געדרודער פונעם זאַל פאַר די איבונגען; דאַן, ווידער געוואָרן שטיל; און, עס האָט זיך דערטראָגן דער ריטמישער מאַרש פון די ספּאָרטלער... מיט דער האַנט האָט רעזקין אָנגעוויזן אַהינצו. ער האָט גערעדט שטיל:

— דער מאַן פון היינט איז מיד פון גיין, מושטירט, אין שפּאַן. דער מענטש איז קעגן סאָציאַלע דיסציפּלינען. ער בענקט צו פרייהייט... דער מענטש שלאָגט זיך דורך, לאַנגזאַם, אַ וועג, דורך די איבונגען. ער קערט אום צו זיך; צו דער אייגענער הויט. צום אייגענעם קאָליר; צום אייגענעם געשטאַלט. דער מענטש, מיטן פּנים צו זיך.

* *
*

עס איז געווען קלאָר, אַז דערביי קאָן עס נישט בלייבן. דאָס איז געווען דער אָנהויב. רעזקין האָט געוואָרפן דעם פּרוביר־שטיין און גע־וואַרט. וועט יענער אויסהאַלטן?... אַלנפאַלס, האָט ער, רעזקין, איבער-גענומען אין זיינע הענט די איניציאַטיווע; און ער איז געבליבן דעצי-דירט — זי מער נישט אַרויסלאָזן...

עטלעכע טעג האָט יענער, ראַול באַזשעסטער, געפעלט פון קלוב. רעזקין האָט אַלץ געוואַרט. ביז, יענער האָט זיך באַוויזן... ער איז איצט געגאַנגען רעזקינען אַנטקעגן און, אַ קאָנפוזיעטער, אים געשטרעקט די הענט...

...ער האָט זיך אַליין אָנגעשלאָגן אויפצונעמען ווייטער זיינעם, רעז־קינס — זייער־אינטערעסאַנטן און באַלערנדן געדאַנקען־גאַנג... ער האָט זיך אָפן מודה-געווען, אַז, פאַר די געציילטע פּאָר טעג, וואָס ער האָט גע-פעלט, האָט עס אים, ממש, רוען נישט געלאָזן. עס האָט אים געהאַלטן געפאַנגען זיינע, רעזקינס, געוואַגטקייט; זיין אומדערשראָקנקייט... עס האָט אים געלאָזן, דאַן, אַ געפּלעפּטן, — ווען ער האָט אַזאַס, אין זיין לעבן, צום ערשטן מאָל, אויסגעהערט...

—...איר מוזט אָבער וויסן, הער רעזקין... וואָס איך נעם זיך דאָס רעכט אַ יי ך צו זאָגן... אַז, אין אַזאַ פאַל, שפּילט מען זיך מיט פייַ־ער — ווען מע איז נישט באַוואָפנט, ווי געהעריק; מיט אַ ריזיקער מאָס וויסן... עס איז לאָקנד, דער וועג; ווי זיסער גיפט, נישט צום ווידער־שטיין... און דאַן? וואָס בלייבט צו טאָן?!

רעזקין האָט אים אַצינד אָנגעקוקט, דעם פרעמדן, מיט פאַריבל...
וואָס וויל ער בײַ אים, דער מענטש — דערוועקן רחמנות?!

ער האָט אים אָנגענומען פאַרן אָרעם; און זיי זענען ביידע ארויפגעפאָרן, מיט דער ווינדע, צום טורעם פון דעם ספאָרט-פּאַלאַץ. פון דאָרט, האָט זיך געעפנט אַ גרעניצלאָזע פּאַנאָראַמע פון מענטשנס מי אין שוואונג, אין אַלע זייטן פון שטאָט. צו דעם וואַלד פון מויערן, קוימענעם און פּאַרקן; און צו דער טורעם־נעץ פון שיפן בײַם פּאָרט־ברעג; צום טײַך און צום ים, פונוואַנען דאָס אויג האָט זיך גענומען שלאָגן אַ וועג צו דער אומענדלעכקייט...

—...ווייסט, הער באַזשעסטער... מענטש איז גענוג טראַגיש, וואָס ער האָט צו דענקען. דאָס איז זיין קללה. דאָס איז זיין גורל... געדאַנקען, מעגן זיי זיין ווי גענײַאַל, — זיי קאָנען אַליין נישט דענקען; זיי ווערן געדענקט פון מענטשן... טראַכטן, טראַכט דער מענטש; און גאָט, דער ליידיקגייער, דער אויסגעדאַכטער, — ער גייט אום און לאַכט... טאַ, זאָל ער. דער מענטש בלייבט אומאַנטשראָקן און שטאָלץ מיט זיין גורל. ער ליידט, און דענקט. ער שטייגט, אין אומגעהויערער פּיין, און געדענקט. דאַרף איך אייך זאָגן, אַז דענקען הייסט — פאַרגעדענקען?!...

—...מענטש איז גענוג טראַגיש, אַז ער שטייגט. עס איז נישטאָ קיין גלייכן צו זיין פּיין; און צו זיין פרייד. וואָס מער ער קומט העכער אויף און העכער — אַלץ ברייטער־בלענדנדער שטרעקט זיך פאַר אים זיין האָריזאָנט; זיין איינציגסטע וויזיע... ווי אַן אָדלער, שפּרייט זי פאַר אים די פליגל... מענטש, באַשטייג מיך, און העכער קום... אומענדלעכער שטייגן; אַלץ אומענדלעך־טיפער איז זי, די אייגענע וויזיע, — ברייטער איז ער, דער אייגענער האָריזאָנט; דער דורשט; די אומדערזעטלעכע פּיין...

—... דאַרף איך אייך זאָגן, אַז מענטש איז גענוג טראַגיש, אין זיין שטייגן; נאָר, פיל טראַגישער, אַז ער בלייבט שטיין? ער פילט — מער גייט דאָס נישט. עס זאָגן זיך אים אָפּ כוחות צו דיגען. ער איז גענצלעך אַליין געלאָזן צו זיך. ער איז עלנט; און ער איז מיד. ער בענקט צו זיינע מיטמענטשן. ער בענקט נאָך הילף, איצט, אַז עס איז אים שווער געוואָרן צו פאַרטראָגן אַליין די אומגעהויערע משא אויף זיך. און, ער דעצידירט צו נידערן.

—...זיין האַרץ שלאָגט איצט אויס ליבע אָן אַ ברעג. ער איז געהאָט אַוועק צו ווייט פון מענטשן. נאָר, ער האָט נישט שלעכט געטאָן. ער קערט נישט צוריק מיט ליידיקן. זאָל מען קומען צום אים, שעפּן געבענטשטע שפע פולע הויפנס. ער, גיט זיך דער וועלט אַנטקעגן...

—...דאַרף איך אייך זאָגן, אַז — וועלט נעמט אים אויף מיט שנאה; מיט גרויליקן האַס?... זי, די מאַסע, דערזעט אין אים גלייך איר

געפערלעכן שונא; און, מיט רעכט... אָ, איר אינסטינקט נאַרט איר קיינ-מאָל נישט אָפּ. זי דערשפּירט, וואוהין ער צילט, פרייער גדאַנק... אָ, ער איז איבערפולט מיט געמיינהייט — ער, דער גריילעכער פּאַרעטער; דער אומבערענגער פון זיך און פון דער מענטשן-מענגע אַרום... ער איז רעבעליאַן; צעשטערונג פון אַלדאָס איינגעשטאַנענע, סטאַבילע, לאָיאַלע; דאָס איינפּאָרמיקע און אומבאַוועגלעכע... ער, דער גדאַנק, האָט אָר־גאַניש אָט דאָס איינגעפּורעמטע; דאָס אָנגעוואָרעמטע און אונטערגעבע־טע אָרט, וואו עס נעמען באַלד יוירן — און לאַנגע דורות, אַזוי — פאַר־דעכטיקע הייליק-אומבאַרירטע, טראַדיציאָנעל-געוואָרענע איבלען; פאַר׳־עיפּוש׳ן דעם לויטערן טאָג, ביז צום נישט גוט ווערן... אָ, דער פרייער אומגעצוימטער גדאַנק וועט דאָס אַלץ צעטראָגן, צעווינטיקן אױף אַלע עקן; אז — קיין געדעכעניש דערפון זאָל נישט בלייבן; קיין געביין, קיין סימן פון געוועזן... ערשט, אַפן פרישן, אָקאָרשט-צעפּייניקטן באָדן, גייט ער צעזייען — אָ, דער גרויסער מאַסן־פּריינט, דער פּאַרהאַסטער גע־דאַנק — זיינע אָנגעצייטיקטע וויזיעס. זיי שוימען שוין איצט אַריבער אַלע זיינע ברעגן; מיט באַנייטן, יונג-געוואָרענעם, אַזאַ נאָך-נישט-גע־וועזענעם רייץ; אָט די געבענטשטע באַפרוכפּערנדיקע שפּע; די גוטע לוין, פאַר די אָפּגעקומענע; די באַצאָלונג, פאַר דער גרוויזאַמער צעשטע־רונג...

—...ערשט, ער ווערט צוריקגעשמיסן, אַצינד, מיט ווילד געלעכטער. ברוטאַלער חוזק, דער מאַסעס, ברענגט אים ווידער צו זיך... וואָר דאַרף דען זיין שפּע? וועמען ברענגט זי נוצן?!... איר, הער באַזשעסטער — קע־נער פון שפּראַכן און פעלקער — דערמאָנט זיך געווים אָן דער קלאַסי־שער פּראָסטאַקאָוואַ, די העלדין פון דער בעסטער קאָמעדיע, פון באַ־וואוסטן רוסישן שרייבער, פאָן-וויזין — מיטראָפאַנושקאַ. זי, פּראָסטאַ־קאָוואַ — אַן אַלטמאָדישע, פּאַרצייטישע גוט־באַזיצערן — איז זייער גראָב, אומוויסנד; אָבער, גאַנץ פּראַקטיש. זי ווייס, ווי צו פירן אַ באַלע־באַטישקייט, אז אַלע דינער און פּויערן זאָלן פאַר איר ציטערן.

— איר בן-יחיד, מיטראָפאַנושקאַ, ליבט זי מיט דער גאַנצער קראַפט פון איר גראָבער נאַטור. וועגן זיין גייסטיקער אַנטוויקלונג האָט ז׳ זיך זייער־ווייניק געקימערט. די דערציונג איז באַשטאַנען אין שטאָפּן אים, ווי ווייט מעגלעך; פון אינדערפרי ביז אױף דער נאַכט. אַזוי, איז ער גליקלעך אויסגעוואָקסן, דער מיטראָפאַנושקאַ; אַ רויטער, גראָבער אינ-גאַטש, אַ טעמפּער קאָפּ; דערפאַר אָבער, באַזיצן אַ שטאַרק־אַנטוויקלטן מאָגן.

— האָט דער אומגליק געוואָלט, ער זאָל זיך פאַרליבן אין דער טאָכ־טער פון אַ געבילדעטן מאַן; און, די אומאַנטשראָקענע פּראָסטאַקאָוואַ קומט רעדן פאַר איר זון...

דער פּאַטער פונעם מיידל זעט באַלד איין, מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן; און, אין שפּאַס, טוט ער אַ פרעג באַ איר, דער פראַסטאַקאָווא, ווי ווייט איר זון האַלט אין וויסן — האָט ער שטודירט אַסאַך מאַטעמאַטיק?

„— וואָס איז דאָס אַזוינס?" — פרעגט זי אים, פאַרוואונדערט.

„— דאָס איז אַ וויסנשאַפט וועגן רעכענען..."

„— דאָס אינגאַנצן? הייסט, צוואָס גיין מאַטערן דעם קינדס קאָפּ מיט אַזעלכע נאַרישע, אומנוצלעכע זאַכן? זאָל נאָר מיטראָפאַנושקאַ האָ־בן אַזויפיל געלט, ווי ער וועט דאָס קאָנען איבערציילן אָן אייער מאַ-טעמאַטיק..."

„— ווייסט אייער זון פון געאָגראַפיע? — דאָס ברענגט פיל נוצן; צום ביישפּיל, אַז מע דאַרף אונטערנעמען אַ רייזע..."

„— אַך — שלאָגט זי אים איבער, אומגעדולדיק — זאָלט איר מיר געזונט־זיין! — נאָך וואָס ברויך אָן אַדלמאַן אַזאַ וויסנשאַפט? ער גייט דען צופוס, חלילה?! — וועט מיטראָפאַנושקאַ דאַרפן צופאָרן אין ער־געץ, באַפוילט ער דעם קוטשער; און, איר מאָגט זיין זיכער, **אַז** ער ברענגט אים אַהין גלייך..."

— דער געשפּרעך ציט זיך לאַנג און הייטערדיק. נאָר, די פראַס-טאַקאָווא האַלט דאָס נישט אויס מער. זי רופט אויס, מיט האַרץ:

„— גלויבט מיר: אַלץ, וואָס מיטראָפאַנושקאַ ווייסט נישט, — איז נאַריש און אומזין..."

—...נאָר, צוריק־גערעדט; זאָגט מיר, הער באַזשעסטער — איז אייך נישט אַמאָל געקומען אויפן רעיון, אַז די גאַנץ־גרויסע קאָמפּליצירטע טעזע — מ אַ ס ע ־ א י נ ט ע ל י ג ע נ ץ, קאָן ווערן רעדוצירט צום איינפאַכן פיזיקאַלישן פּראָבלעם — אייז־וואַסער־דאַמף?... דער מענטש, מיט זיין גאַנצן באַנעם, וואָרצלט דאָך אין די פּעריאָדן פון אייז און היץ — אין זייער פּערמאַנענטן וויזיאָנערישן געראַנגל צווישן מאָרך און האַרץ... זי, די אייז־קאַלטע מאַסע, ווען זי ווערט געשטעלט אונטער גינס-טיקע „אַטמאָספערישע" באַדינגונגען, — נעמט זי איבערגיין צו וואַסער און דאַמף; אַזוי קוואַנטיטאַטיוו, ווי קוואַליטאַטיוו, טוט זי זיך דערהויי־בן; זי שטייגט אַלץ העכער, אין איר פאַרמעסט, אין איר נייער דערוואַ-כונג... טאָ, לאָז־זשע איר נישט נידערן מער — דו, מאַן פון געדאַנק. פאַרשפּאַר איר אַלע וועגן צו יענע אַנדערע „ספערישע" אומשטענדן, וועלכע נעמען איר גלייך ציען אַף אַראָפּ... אָ, פאַרהאַלט איר אין די הויכן; דיין בלוט שטערק איר אַנטקעגן, לאָז איר דאָס אויפזידן; נעמען שטייגן, מיט דיר, אַזוי געוואַגט־דרייסט, ווי קיינמאָל... אָ, פאַרלאָז איר נישט אַליין, איצט, אַז די מאַסע האָט דערוואַכט, אין יובל; ווען זי גייט, אומאָנטשראָקן, אָן אָפּהאַלט, צום גרויסן געמיינזאַמען ציל — צום איינ־ציקן ברעג פון באַפרייונג... אָ, מאַן פון געדאַנק, מוטיק פאַרבלייב, ביז

לעצט; אזוי ערלעך און בלינד, ווי זי, די מאַסע — גיי, שטייג ביזן שפּיץ; ווער צעשטערט — און, זאָל אָנהויבן אַן אָנהויב, נאָך אייך, אַ נישט־געאנטער נאָך פון קיינעם! אַ פרייהייט, אַ נישט־געשטויגענע, נישט־געדאַכטע. אַ גליק, אַ נישט־אויסגעזונגענס, נישט־געטרוימטס... אָ, מאַן פון וויסן — דו, גאָט, אין מענטש־געשטאַלט — פאַרלאָז איר נישט, אַצינד, דער הייליקער עדה — אין איר העכסטן עקסטאַז פון פּיין און גליק... ווען זי טוט שירה צו דיר. באַלד, און זי נעמט אויפגיין אין דיר...

—...נאָר, דו, בלייבסט, אָ, אין פּאַניק, פאַר איר פּלוצים־צעבלענדעטער פראכט. פאַר איר מעכטיקן שוואונג צו אַזאַ, נאָך פון דיר אַליין, ביז איצט, נישט געאנטער הויך. פאַר איר אויפגייענדער רעוואָלוציאָנערער מאַכט; פאַר איר טרייהייט... און, דו טרעטסט צוריק, אין שרעק; אין ש פ ל' ן, ג ע מ יי נ ע ם פ אַ ר אַ ט — דו פאַרלאָזט איר, ברעכסט צוזאַמען, פאַלסט. זי, די אויפגעזאָדענע מאַסע — נאָך דיר...1) איצט, גייט זי דיר נאָך — אַ פּלוצים אייז־קאַלט־געוואָרענע, אַ פאַטום — טראָט־באַ־טראָט. אַליין, אויסגעליידיקט און פאַרצערט. זי גייט נקמה נעמען, ווי אַ קאַלטער גזלן, אָן דיר און אָן זיך, אַלציינס... זי צעשטערט דיך; ראָט דיך אויס אינגאַנצן; דיין מאַרך, דיין האַרץ, דיין גאַנצן אינערן־לעבן, דיין שוואונג — צעוואַרפט עס פאַר די הינט. ערשט, מיטן נשאָר פון דיר — דיין געדאַנקען־אָפּפאַל, מיט דיין שאָל — זשערעט זי זיך איבער; ווי אַ לעבלאָזער אויסגעשטאָפּטער פויגל, מיט אַריינגעשטעלטע ציין, אויגן, אויערן און אויסגעשטאָפּטן מאַרך; ווי אַ געפאָרבענער פּאַפּוגיי, אַף אַלע קאָלירן פונעם ווינט — גייט זי אום און גראַגערט נאָך דיין וואָרט; דיין איינבאַלזאַמירטן געדאַנק; אָנגעשניטן־טערמינירט, און אין אומצייליקע מיני שאַכטל־באַגריפן געטיילט; אַזוי, טראָגט זי דאָס אום, אַף אַלע געמערק, צו פאַרקויפן, דיין „גרויסן חלום פון פרייהייט"; און באָט אים אָן דעם ערשטן בעסטן — ווער גענעזן ווערן עס באַגערט... קומט און ציינגט אייך איבער. די איינציקע זאָגענאַנטע מענטשן־רעטונג איז היער בלויז צו באַקומען!

אָבער ד' צייט לויפט; און דיין „איינפאַכער גרויסער טרוים" ווערט

---

1) מע דאַרף זיך אָנשטויסן, וואָס רעזקין מיינט: אַז די אינטעליגענץ, מיט איר מעכטיקן דינאַמישן אינטעלעקט, באַשאַפט די רעוואָלוציע; פאַראַט דעם איינגעשטאַנענעם מאַסן־שטייגער; צינדט אָן די מאַסן צום באַפרייונגס־קאַמף. נאָר, אינדערמיט — עפּעס, ווי דורך אַ פאַטאַלן גורל — בלייבט זי דערשראָקן פאַרן — גאַנץ־אומגעריכטן, נייעם און נישט־געאַנטן־פון־איר, ביז איצט — מאַסן־אויפשוואונג; וואָס גרייכט פיל־ווייטער פון איר; גייט זיך אָפּרייסן פון איר נאָפּל; איר פאַרצערן גאָר, אין דער נידער; אַ ל יי ן, זיך־דערהויבן צו אומדערהערטער הויך...
און, זי ווערט גרייט, די אינטעליגענץ — זי, די ערשטע — גיין פאַרניכטן איר שאַפונג — אין געמיינעם פאַראַט מיט זיך און מיט איר איניגסטן לעבנס־רוף... (דער מחבר.)

פיל קאָמפּליצירטער, ווי דו מיינסט. עס גייט אים נאָך דער אָנוואוקס, די פאָרשונג; דאָס אומויפהערלעכע גרינטעווען פון דער מאַסע, אין אים; און די באַלוינטע אַנטפּלעקונג...

—...ווער־זשע קאָן עס נישט יענעם מעדיקער, וואָס האָט איינגע־האַנדלט אייניינציקן אַפּאַראַט; (ער איז אָרעם געווען, באַלד, באַם אָנ-הויב פון דער קאַריערע; נישט געסטייעט, דערוויי‌ל, אַף מער;) און גע־לאָזן אויסרופן אין מאַרק:

„— קומט, קומט, קונים. דאָ, איז די איינציקע מענטשן-רעטונג אויס אַלע פּלאָגן, היינטצייטיקע איבלען — דיאַטערמיע... לאָזט אייך אויפנע־מען איין גוטע באַשטראַלונג — און, איר זענט געזונט..."

— די צייט גייט. דאָס געשעפט וואַקסט; טראָגט שוין אַף מער. ערשט, דאָס רעטונגס־פּראָבלעם ווערט קאָמפּליצירטער...

„— קומט, קומט, קונים. נאָר — נישט פאַרצווייפלט. מע זאָרגט וועגן אייך; מע קלערט אָן-אויפהער; און מע האָט שוין באַקלערט... צו די היינטיקע שוואַכע דורות איז וויניק דיאַטערמיע אַליין. מע ברויך אויך צו האָבן אולטראַווי‌אָלעטאַ... אַלץ, איז אָנבאַרייט פאַר אייך. די רעטונג, זי וואַרט; זי קוקט אויס די אויגן. — דיאַטערמיע און אולטראַ־וויאָלעטאַ — אָט די צוויי קעגנגעזעצטע נאַטור-קרעפטע; די גרעסטע פיינט אינעם קאָסמאָס, — האָבן זיך די הענט דערלאַנגט; גייען געאָ־רעמט, אייך אַנטקעגן צו הילף... קומט, קומט, קונים. לאָזט אייך אויס־טאָן נאַקעט, ווי די מאַמע האָט אייך געהאַט... נאָך איין גוטע באַשטראַ-לונג — און, איר געזונט זענט..."

— און דאָס געשעפט הערט נישט אויף צו וואַקסן. די רעטונג ווערט אַלץ מער קאָמפּליצירטער... אָנדאַ־קאָרטאַ. אינפראַ-ראָכאָס. אָנשטאָט איין מעדיקער — אַסאַך. דער געמאַרק איז גרויס, הולאַים — פון דער וועלט. מע שטייט, מיט פאַרקאַשערטע אַרבל; רייסט פאַר די פּאָלעס:

„— אָ, אַהער־קומט, קונים׳לעך, גיך; ווי גאָט איז אייך ליב... לאָזט אייך נישט פאַרפירן פון שאַרלאַטאַנעס, שאַנטאַזשניקעס. אייער לעבן שטעקט אין גרויס געפאַר... דאָ, און נאָר דאָ אַליין, וואַרט אַף אייך די אמתע רעטונג; די אויטענטישע; די נישט־געפעלשטע..."

—...און, די נקמה אָן דיר, מאָן פון געדאַנק, איז פאַרפולט...

—...דאַרף איך דיר זאָגן, ראַול באַזשעסטער, אַז דו ביזט איצט אינ-גאַנצן אַליין?!...

און ווירקלעך. אַז רעזקין האָט זיך אַרומגעקוקט אין טורעם, איז ער געווען אַליין. דער הער באַזשעסטער זאָל אים שוין האָבן לאַנג איבער-געלאָזט.

ווידער, ווי פריער, האָט זיך געשפּרייט צו זיין אויג, אין אַלע עקן, דער צעשטורעמטער וואַלד פון מענטשנס מי און שוואונג. עס האָבן לייב־

מע ווינטלעך אויפגעכאפט דעם זשום פון די וואלד־שפיצן, אים אונטער־געטראָגן צו זיין אויער, אים געגלעט... אצינד, האָט ער, רעזקין, זיך־אויסגעקערט צום פאָרט-ברעג; געבליבן ארייננגעשטעקט מיטן בליק... דאָרט, אפן האָריזאָנט, האָבן זיך געצייכנט סילועטן פון שיפן. זיי האָבן זיך געשניטן אַ וועג אין דער גרויסער וועלט... דיך געלאָזן הינטער זיך; דיין לעבן; דיין טרוים. געוואַרט אף דיר, ביז איצט, באַטאָג, באַנאַכט; געשטאַנען אין פאָרט, געדולדיק אויסגעקוקט דיך... דיך געהאַט געבראַכט אַהער צופירן — אָ, שוין ווי לאַנג... דיך געוואָלט, ווידער, מיטנעמען איצט אין דער וועלט... זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן. ביזט נישט גע־קומען... דו, ביזט אַלט־געוואָרן; פויל, ברודערקע — בלייב... מיר, שי־פן, קאָנען נישט וואַרטן אייביק בײַ ברעגן. זיי זענען געגעבן אף אָפּרו, נישט מער. צום אויסשטייג; און, ווידער באַשטייגן, לאָזן זיך אין וועג... מיר גייען אַוועק, אָן דיר. אָ, זע, ווי מיר פייפן אַף דיר...

זיי זענען אליץ ווייטער און קלענער געוואָרן; ביז, זיי זענען אינ־גאַנצן פארשוואונדן פון האָריזאָנט; געלאָזן אַ הוילקייט אין הארצן.

ער האָט זיך אָפּגעקערט. געווען מיד. ער האָט גענומען נידערן.

* *
*

איצט, האָט עס אויסגעזען, ווי בײדע פריינט זענען זיך צעגאַנגען... עס איז ארויס נישט-שלעכט: פאָרזיכטיק און איידל. דעריקערשט, עס האָט געקאָנט פירקומען פיל ערגער...

באַם באַגעגענען זיך, דערנאָך, אינעם קלוב, בעת די איבונגען; אָדער, באַם צוזאַמענשטויסן זיך אינעם שווים־באַסיין, — האָט מען זיך גאַנץ־לעבהאפט באַגריסט און — נישט געטשעפּעט מער; מורא־באַקומען יענץ אָנצורירן...

ביזוואַנען, הער באזשעסטער איז, איינמאָל, פארשוואונדן, אַף אַ לענגערער צייט. זיין פעלן האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן. מע האָט גע־רעדט וועגן דעם פארשיידן, פאר־און־נאָך די איבונגען. ער האָט געהאַט, קענטיק, אַסאַך פריינט, באַקאַנטע; און זיי האָבען געוואוסט פון אים פיל מער, איידער רעזקין. מע האָט געשמועסט אַלע צוזאַמען; רעזקין איינ־געשלאָסן... פון די רייד האָט גענומען אויפגיין אַ נייער באזשעסטער; אַ וואָכעדיקער, אַלטעגלעכער. יענע האָבן אים אויסגעטאָן; פאַמעלעך, מיט גרויס געניטשאפט, ארונטערגענומען פון זיינע אַקסל די איידעלע באַ־פוצונגען אַלערליי. דאַדורך, האָט מען געקאָנט צוקומען צו אים נעענ־טער; אָנטאַפּן, ארומשמעקן...

נישט דאָס איז רעזקין אויסן געווען. מע האָט געזען אַף קלאָר, ווי עס רעדט פון אַלעמען די פשוט'ע קנאה צום אייגענעם פריינט. נישט דאָס איז אים אָנגעגאַנגען. ער האָט געזוכט צו דערהערן, אין זייערע רייד, אַן אָנדייט אַף י ע נ ע ם ראול באזשעסטער, וועלכן ער האָט קענענגע-לערנט; געהאַלטן ערשט אין פאַרשן; און, אַ נישט־דערפאַרשטן אינגאַנצן, אים פאַרלוירן פונעם אויג... נאָר, וואָס מער זיי האָבן גערעדט — אַלץ ווייטער איז יענער באזשעסטער אוועק; אָפּגעגאַנגען אין שאָטן; זיך־צו־זאַמענגעגאָסן מיטן ארום, נישט געוואָרן... צומאָל, האָט זיך געדוכט, אַז ער זינקט אינעם פלייץ פון זייערע רייד; ער בלייבט נישט, קומט אום...

אַז רעזקין האָט, איינמאָל, געהערט דערציילן, וויאַזוי הער באזשעס-טער איז, ערשט-נישט־לאַנג, אריינגעטראָטן אין אַ ניי פעלד, — האָט ער זיך אָנגעכאַפּט פאַר דעם, מיט פרייד; אַ פרעג־געטאָן:

— אַ פעלד פון וויסן?

— אָ, ניין, הער רעזקין... — מע האָט אים אָנגעקוקט, דערשטוינט — ער האָט זיך געשטעלט אָן שפּיץ פון אַ גרויסן גוט; אַ צוגעפאַלענער ירושה, וואָס האָט אזויווי פאַרטאָפּלט זיין ריזיק פאַרמעגן...

מער האָט שוין רעזקין נישט געדאַרפט הערן. ער איז אָפּגעגאַנגען פון דאָרטן; און, נישט געוואוסט אַף זיכער — אויב הער באזשעסטער האָט זיך געשטעלט אָן שפּיץ פון נייעם גוט, צי פאַרקערט... נאָר, עס איז אים געוואָרן טרויעריק. פאַר זיינע אויגן איז פאַרגעקומען די פאַר־וואַנדלונג: אַ מענטש איז אונטערגעגאַנגען; אַ נייער קומט אויף. ער דער-הויבט זיך איבער אַלע באַפּוצונגען און סאָציאַלע עטיקעטן. ער שמייכלט נאָך אַלץ, אַז ער דערלאַנגט אייך, רואיק און איידל, די וויזיט-קאַרטע...

...נאָך אַלעמען, וואָס פאַר אַ ווערט קענען האָבן ט י ט ל ע ן קע־גן איינפאַכן אדעליקן נאָמען — ראול מ. באזשעסטער?!...

---

נאָך אַ פופצן מינוט פאָרן, איז רעזקין איצט אויסגעשטיגן פון דער אונטערערדישער באַן; ארויס, מיטן טונעל, אפּן אויבערפלאַך פון אַ רוישיקער גאַס אין צענטער. וואו, נישט־וויים פונדאַנען, איז געווען דער ספּאָרט־קלוב.

עס איז שוין געווען נישט־פרי; און ער האָט געאיילט אהין, כדי נישט צו פאַרשפּעטיקן צום קלאַס פון די איבונגען.

אינעווייניק, אינעם ספּאָרט-זאַל, האָט ער דערזען דעם הער באַ־זשעסטער... ער איז דיק געוואָרן און, נישט־ווי געווען — אָפּגעפרעמדט. עפּעס אַ זאַטע שפּע איז געווען צעלייגט איבער זיין פּנים; צוזאַמען מיט אַ נאָבלאָזיקייט; וואָס האָט געמאַכט אזוי, אַז עס האָט מער נישט גע־צויגן צו אים, ווי פריער...

אין דער ערשטער רגע — אינסטינקטיוו-כמעט — האָט רעזקין גע־וואָלט אים גיין אַנטקעגן און, זיך-אָפּגעהאַלטן... יענעמס האַסטיקער זשעסט, וואָס איז, פּלוצים, געבליבן אויסגעלאָשן, — האָט אויך עדות־געזאָגט אָפּן זעלבן... זיי האָבן זיך, פונוווייטן, העפלעך באַגריסט און, איטלעכער אויף זיין אָרט, געשטעלט אין דער רייע. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קלאַס.

...איצט, איז אים, רעזקינען, גלייך געקומען אָפּן רעיון די מלחמה אין אייראָפּע; וועלכע האַלט שוין אָן, באַלד אַ מאָנאַט. אַלע פרימאָרגן אַזוי, — זינט דעם אָנהויב סעפּטעמבער; יענעם פּאַטאַלן טאָג פונעם מלחמה־אויסברוך, — איז, ווי נאָר ער שטעלט זיך אין דער ריי, רירט פון אָרט — אַזוי פאַלט אים באַלד איבער דער קאָשמאַר... די פּיאַנאָ־מו־זיק, וואָס באַגלייט די איבונגען, צעצינדט נאָך מער זיין אומרו... אים קומט פאָר, אַז דאָס מאַרשירט ער אַזוי — צוזאַמען מיט יענע עלנטע אַרמייען — און שפּאַנט, מיט שווערן דערדריקנדן טראָט, איבער לעבן און טויט; שטעט מיט לענדער... אָ, זיי לאָזן נאָך זיך אויסראָטונג, פאַר־ווּיסטונג...

ער האָט זיך קוים דערוואַרט, דער קלאַס זאָל זיין געענדיקט. ער האָט זיך צורעכטגעמאַכט און אַרויף צום טורעם פונעם ספּאָרט־פּאַלאַץ. ווידער, געווענדעט דעם בליק צום פּאָרט־ברעג; צו די וואַסערן און שי־פן, וואָס יאָגן, אַצינד, אין געאייל, צו די ימים; צו דער אויסגעשפּאַנ־טער, צעשפּילטער סטיכיע; צום אויפזאַט, אין קעסל-שטורעם; צו יענעם גרויסן פאַרמעסט; אָ, צום לעצטן אַנשיידענעם זינלאָזן קאַמף...

—...איר ווייסט, הער רעזקין?!... די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב דאָ געפעלט, — געפין איך מיך אָפּן לאַנד; באַם שוים פון מאַמע־ערד... איך האָב אַסאַך נאָכגעדענקט איבער אונזער באַגעגעניש; איבער אייערע געדאַנקען וועגן מענטש און וועלט... זינט יענעם מאָל — אַז איך בין אַנטלאָפן פונעם טורעם, אייך אַליין געלאָזן, — האָב איך נישט געפונען קיין רו... ווייסט, איך האָב געמוזט אַוועק, דאָן — אַז איר האָט גענומען שפּאַרן, מיט אַן אומבאַקאַנטער פאַר-מיר־נאָך־ביז-דאַן־עקשנות — א י ן י ע נ ע ר ז י י ט פ ו ן ג ע ד אַ נ ק א ו ן ג ע פ י ל... עס איז געווען איבער מיינע כוחות דאָס צו פאַרטראָגן מער. געמיינט, איך קום פון זינען... איר האָט מיך געשלאָגן, דאַן, אָן רחמנות, אָן אייַנזעען. דערלאַנגט, וואו איר האָט נאָר געטראָפן. נישט געשוינט מיין אָרעם האַרץ; מיין לעבן; מיין שטאָלצן שטרעבן... ווי איר וואָלט פון מיר מיינע קליי־דער אַרונטערגענומען; אָפּגעלאָזן מיך אַליין, נאַקעט און הויל...

—... איך בין אַוועק, קוים מיטן לעבן. געקומען צו זיך אָפּן גוט; זיך-אָפּגעזונדערט; נישט געוואָלט אויסרעדן מיט קיינעם אַ וואָרט. באַ־טאָג און באַנאַכט, אַליין, אומגעבלאָנקעט אין פעלד; אַ געשלאָגענער ביז

צו דער ערד; אַ בייז־דערנידעריקטער. געוואָלט אָנכאַפּן אין זיך דעם אייגענעם ווערט, די ארויסגעלאָזטע צאָם פון די הענט — נישט געקאָנט... עס האָבן שטאָלצע פּולבלוטיקע באַגינענס און בלוטנדע מאַכט־לאָזע פארנאכטן מיך געבלענדעט, מיין שיכור הארץ: — ...גיב זיך אונטער, רעזיגניר פאר מאַמע־ערד. פאַל איר אַפן האַלז, דו גוטער זון; בעט פאַרצייונג...

—...ערשט, איצט האָב איך דערוואכט. דערשפּירט אויפגיין ווידער יענע כוחות פון אַמאָל, פון פריער; מיין זיכערקייט, ווי — ביז אייך. איך האָב מיך אוועקגעריסן פון דאָרט. איך רעזיגניר נישט. צוריקגעקערט צו דער שטאָט. ווידער — אַרבעט, פאַרמעסט, דיסציפּלין... איר זעט, הער רעזקין? — איך בין דאָ... אָ, איך בין נאָך יונג! ערשט, דאָס גאַנצע לעבן אין פאָרויס, אין ארויסרוף...

רעזקין האָט אָנגעקוקט דעם יונגן באַזשעסטער, מיט מילדן שמייכל אין בליק, ווי אַ צוריקגעפונענעם. ער האָט זיך, אַף אַן אמת, מיט אים דערפרייט; געווען גרייט פאַסירן אַף די אַלע אנדערע שאָטן־פּרטים, וואָס ער איז — לעצטנס, בעת זיין פעלן דאָ — דערגאַנגען וועגן אים, אויסן מויל פון פריינט און באַקאַנטע, וועלכע האָבן, אַזוי־אייפעריק, געפּרוווט — טאַקע, מיט דער הילף פון יענע פּרטים — צייכענען ארום אים, באַזשעסטערן, אַ שוואַרץ־גערדיכטע רעם... ער האָט אים, איצט, רעזקין, אַפּערגענומען אויס יענער רעם אינגאַנצן; געשטעלט לעבן זיך, ווי אַ גלייכן, דאָ, אינעם טורעם; אז ער האָט גענומען רעדן צו אים, ווידער, מיט ערנסט און ליבע, ווי פריער; און אַזוי פּשוט, ווי נאָר מעגלעך...

— ווייסט, הער באַזשעסטער... איך האָב אויסגעקוקט אייער צוריקקער. מיך נישט גענאַרט אין אייך... ווייסט; איר זענט אַ קינד פון אַ פּרימיטיוו פאָלק; אַ יונגס נאָך; וואָס וויל נאָך בלייבן פריי, אַנטיסאָציאַל, אומגעצוימט; אוממיטלבאַר באַהעפט צום לעבן, צו דער נאַטור. עס רעבעלירט, דאָס פאָלק, קעגן סאָציאַלן בוי; קעגן דער תּפיסה, אין די פאַבריקן און אונטערנעמונגען פון די שטעט או שטעטלעך, אין אייער גרויס און הערלעך לאַנד. עס וויל זיין אינדרויסן, אומגיין, אומלעטן אַפן ווינט; גאָרנישט טאָן און וואַרטן, ווי דאָס קינד, אַפן גרויסן וואונדערפונעם הימל... עס האַלט זיך נאָך, אייער פאָלק, פאַר אויסדערוויילט, אינדיווידועל; אויס נאָבעלער ראַסע, אויס איידעלן אָפּשטאַם; אַז — עס פּאַסט דאָך גאָרנישט פאַר דעם — זיך גיין ארונטערלאָזן צום שטאַנד פון גרויער אַרבעט — ווי די אָנגעלאָפענע, פרעמדע פון דער וועלט...

—...און פרעמדע זאָלן זיי אייביק פאַרבלייבן. האָרעווען, טאָן, פאַרשווארצן דאָס פּנים... אָבער, מיר, די איידעלע זין פונעם לאַנד, אָרעם און רייך באַגלייך — אַלע, קינדער פון איין גרויס פאָלק, — מירן פון זייער אַרבעט געניסן. אַליין, אומגיין אַף דער פריי. ווי אַ פויגל אַף גאָטס

וועלט, זינגען, שפּילן — די לופט שלינגען, פון די פיס פאַלן, — נאָר, גיין אָפּפינצטערן אַ לעבן, ווי זיי — דאָס, קיינמאָל נישט!

—...זיי, די פאַרשאָלטענע, די פרעמדע, האָבן פאַר׳כישופ׳ט אונזער גרויס וואונדער־לאַנד; די מאַמע ערד. זיי ברענגען אום אונזער נאָבעלע פרייהייט, אונזער איידל בלוט. צעשטויבן אונזער רו. פאַרדעמפן אונזער זויבערע לופט מיט שטינק־גאַזן פון נאַפט און קוילן! — ווען מיר זיך אויפקומען, אין מאַסן; מירן זיך וואַרפן אף זיי, מיט פלוך אף די ליפּן, מיט וואוט; מירן זיי פאַרשליידערן פון אונזער מ י ט ! — אומקערן די אויסגעלייזטע ערד צו איר ליכט און גענאַד פון אַמאָל...

— נאָר, ווען עס גיט זיך נישט איין דער פּרואוו; ווייל, זיי זענען שטאַרק, די פאַרדאַמטע, אייניק און פרעך; זיי האַלטן דאָס לאַנד פאַרן גאָרגל־פעסט; און, זיי באַפעלן אונז: — אָדער, גיין אין דער תפיסה, ווי זיי; אַנישט, איז — אומקום, — ווען מיר אַלץ בלייבן אומגעבויגן, אין שטאָלץ... ווען נישט — לעבן אין געזאַנג, איז — ליבערשט אומקומען, מיט געזאַנג אף די ליפּן...

— איר ווייסט, הער באַזשעסטער, ווי עקסטרעם איך גיי, אין מיין געדאַנק; אים ערלעך אפּערברענגען; אים צייגן מוטער־נאַקעט פאַר דער שיין...

— איר זענט אַ קינד פון אַ פאָלק, וואָס פאַנגט ערשט אָן זיין סאָציאַלן גאַנג; און עס קאָן זיך נאָך אַלץ נישט אוועקרייסן פונעם פרייען אומגעצוימטן געזאַנג. עס באַגלייט אייך אומעטום, דאָס לייכטע קינדישע געזאַנג; אין אַלע אָנגעהויבענע דיסציפּלינען, פאַרמעסטן, טאָן... מעכטיקע טרייב־דינאַמעס אין די פאַבריקן; גוואַלטיקער אימפּעט איבער יבשה, וואַסער און לופטן, אין אַלע עקן לאַנד; און, אינדערמיט — פריי פרימיטיוו האַרציק געזאַנג... וואָלקנקראַצער, און פאַרהילכנדער מאַשינען־בראַזג; האַרטנעקיקער ברוטאַלער לעבנס־קאַמף ; און — זיס־צעצויגן לירישן געזאַנג אין אַלע הויכן, אַלע גאַסן, אַלע היימען... אַ פילאָזאָפ־יע, וואָס דעקלאַמירט. אַ דיסציפּלין, וואָס וויל נישט גיין אין שפּאַן. אַ פאָלק, וואָס בענקט צום פרימיטיוו. עס שטייט אים נאָך אין אַלע גלידער דער רויש; יענער מעכטיקער אנטיסאָציאַלער דראַנג צו אויספלוס; צום מאַסן־אומברענג...

— איר זענט אַ זון פון אַ יונג פרימיטיוו פאָלק, מיט אַ קרעפטיקער קינדערשער קוריאָזיטעט; וואָס פאַרגייט זיך נאָך, אמת, אין געזאַנג־שפּיל; אָבער, האָט די גאַנצע צוקונפט פאַר זיך.

— און, אין סתירה צו אייך: אַ זון פון דער מידער אייראָפּע. אַדורך אַלע סאָציאַלע קאָנוואולסיעס. אַלע דיסציפּלינען. ווערט איבערגעפאַלן פון ווילנלאָזן רייץ — אַלץ אויפזשערען, פאַרצערן. וואָס קומט שוין אָן,

א ו י ס ן  צ ו ו י י ט ן  ע ק,  צו דער אנטיסאָציאַלער באַפרייונג; צום אויספלוס; אַ, צום מאַסן־פאַרגיין... אונזער צוזאַמענשטויס איז געווען אומפאַרמיידלעך, הער באַזשעסטער. נאָר, אויך דער אויסגאַנג איז געווען אַ פעסט־באַשטימטער:

— די יוגנט אין פאָרויס!

---

ארום צען ד. ז. האָט רעזקין פאַרלאָזט דעם ספּאָרט־קלוב. ער איז ווידער ארויס אַף דער רוישיקער גאַס, אין צענטר; געכאַפּט אַן אָמניבוס און זיך געלאָזן פאָרן אין אַ געוויסער סאַנאַטאָריע פאַר מוטערשאַפט...

---

...עס איז געווען אַן אַלטע און זייער־פאַרפלאָנטערטע געשיכטע. אַ יאָר־צוויי אין דעם. רעזקין, אַ לערער דאָן אַף דער פּראָווינץ, — האָט, אין מאָנאַט דיציעמבער, עכטער זומער, צוריקגעקערט אין דער הויפּט־שטאָט. געקומען אַף וואַקאַציעס, זיך־אָפּרוען, טרעפן מיט פריינט, באַ־קאַנטע, חברים־שרייבער; און גענומען אַ צימער אין אַ האָטעל.

באַלד, אַפן אָוונט, אז ער האָט צוריקגעקערט פון גאַס; אַליין — אַ מידער; גענומען ארויפגיין, מיט ד' טרעפּ, צו זיין צימער, וואָס איז גע־לעגן אַף דער טעראַסע, — האָט ער געטראָפן דאָרט אַ ווילד־פרעמדן מענ־טשן ארומשפּאַנען, מיט גרויסע טריט, אין אַלע זייטן, אַף אהין און צו־ריק; קענטיק, זייער־אַ צעקאָכטער; אז — נישט, ער איז געגאַנגען, נאָר — עס האָט אים עפּעם אומגעטראָגן פון אָרט צו אָרט; ארומגעטרי־בן, ווי אַ צערייצטע חיה, אין אַ שטייג; נישט געלאָזט רוען...

די טיר פון צווייטן צימער, לעבן רעזקינס, איז געווען אָפן... אַ פּנים, אז יענער האָט דאָס געדונגען. נאָר, ער וועט שוין, אזוי גיך, אהין נישט אריין. עס קאָן אים אזוי אומטרייבן, ביז טאָג. שדים ווייסן אים! נישט, דאָס רוט אַליין; נישט, עס וועט לאָזן אַ צווייטן...

עס איז געווען אַ וואַרעמע נאַכט, אַ טונקעלע... עס האָט זיך טאַקע אַליין נישט געגלוסט אריינשפּאַרן אין ענגן צימער. עס וועט אויסקומען אויפוואַרטן; פאַרטשעפּען אַ געשפּרעך מיטן פרעמדן — אַלץ גלייכער, ווי זיך־מאַטערן אין דער דושנעקייט; אַלציינס, נישט שלאָפן...

מע האָט זיך פונאַנדערגערעדט. עס איז נישט אָנגעקומען שווער רעזקינען יענעם ארויסרופן אַף רייד. עס איז גלייך געוואָרן ניכר, אז ער האָט עס נאָר אַליין אויסגעקוקט, דער פרעמדער. אזוי שווער האָט

עס אים געמוזט דריקן אפן הארצן; געשפּארט פון אים, אז, ער האָט עס געברויכט אָפּצוגיבן; אַנישט, האַלט ער נישט אויס...

רעזקין האָט אים אָנגעקוקט, מיט נייגיר. עס האָט אים אַליין פאַר־לאָזן די מידקייט; דער באַנג נאָך רו. פונעם האסטיקן שטראָם רייד, וואָס האָט געשלאָגן פון יענעם, — האָט ער געפּרואווט אויפשטעלן א בילד, געמאָלן פאַר זיך; קאָרעגירט, אויסגעריכט, לויטן אומגעריכטן צו־פלייץ פון די פאַקטן...

* *
*

דאָס איז געווען א הויכגעבילדעטער מאַן; עס הייסט, אז די נאַ־טור האָט פון אים אויסגעבילדעט א הויכן געזונטן מענטשן; וואָס איז אויך געבליבן א ל ז י י ט י ק ־ ג ע ב י ל ד ע ט, אין דער זעלבער היגזיכט; און באַזעסן, אַזוי־אַרום, אין ברוטאַ־גענומען, א גאַנץ־בכבוד׳יקן געוועכט, וואָס האָט געמוזט פאָדערן צו זיך רעספּעקט און אָכפּערונג.

אַף נישט צו באַליידיקן קיין מענטשן, אים דעפינירן פאַר־דער־צייט און, מעגלעך, זיך־טועה־זיין, — וואָלט מען באַדאַרפט פּרואוון צו־גיין צו אים — דורכן נעגאַטיוון, צום פּאָזיטיוון; עס הייסט, פעסטשטע־לן, אַפריער, וו אָ ס ע ר א י ז נ י ש ט ג ע ווע ן — אז, מע זאָל אים נישט חושד־זיין איבעריקס און, במילא, נישט באַלעסטיקן.

אַזוי־אַרום, ווערט קלאָר און, מיט א לייכטער געמיט, קאָנסטאַ־טירט, אז — ער, דער פּרעמדער, א י ז נ י ש ט ג ע ווע ן ק יי ן א י ב ע ר י ק ע ר ח כ ם, קיין פאַרשפּיצטער, קיין דריי־קאָפּ. גראָד פאַרקערט — און דאָס קאָן מען שוין באַשטעטיקן, אלס קאָמפּענסאַציע, מיט פאַרגעניגן — אז ער איז י אָ ־ ג ע ווע ן א ה ע כ ס ט - מ ו ט י ק ע ר מ ע נ ט ש: בא הײנטיקע צייטן פון היפּער־כיטרע־קייט, דעקאַדענץ און איבעראַלן פּאַראַט, — דאַרף מען זיך קענען פאַר־גינען — ניין, מע מוז באַזיצן דערצו ה ע כ ס ט - נ אָ ב ע ל ן מ ו ט — א ף צ ו ז יי ן א ש ו ט ה און האַלטן פון טריי־זיין... אונ־זער סימפּאַטישער פריינט האָט געהאַט דעם נויטיקן מוט צו יידע זיכן פאַראַמאָל... צו זיין שבח, זאָל אויך נישט פאַרמינערט ווערן דאָס, אז ער איז געווען א פּשוטער האַרציקער מענטש; אַן אָפּענע ברייטע נשמה, וואָס האָט זיך אַלץ גענומען צום הארצן; און, ער האָט געמוזט, דערפאַר, אָפּטער, עפּעס טועס־זיין — אַף נישט צו לאָזן אָפּ׳חלש׳ן דאָס גוטע איידעלע האַרץ. דערפון האָט זיך עס אָנגעהויבן.

אַזוי ווי יעדער פּשוטער איידעלער מאַן, — האָט ער געשטרעבט צום פיינערן און העכערן פון זיך. געוואָלט נעמען א אינטעליגענט מיידל,

אוים דער בעסערער שטוב; אז ער, דער פּראָסטאַק, זאָל זיך האָבן באַ וועמען צו לערנען, איידלען־זיך, מענטשלען. דערפאַר, וועט ער איר טראָ־
— פאַר איטלעכער לאַסקע, פאַר איר טרייהייט!
גן אַף די הענט. ער וועט גיין פאַר איר מיילען, איין דער וועלט
מע דאַרף אים נישט נעמען פאַר אומגוט, אַט דאָס שעצן זיינס די טרייהייט אַף מיילן־ווייט. ווידער, איז באַוואוסט, אַז פּרויען איז נישט ניחא איינגאַנצן אַט דאָס אָוועקגיין פון זיי, אַליין, אין דער וועלט... שוין ליבערשט, בלייבן צוזאַמען; זיך נישט רירן פון אָרט... נאָר, ער, אונזער פריינט, איז געווען אַן אינזשעניר פון פאַך; אגב, אַ גרויסער פאַרדינער; שוין פאַרוואָוינט געווען צו דער שפּראַך; נישט געקאָנט אַנדערש.

איז אַוועק אַ צייט. ער האָט זיך צוגעזוכט דעם וואונטש. אַ מיידל — אַ פאַרשוין; אַ יתומה, נעבעך; אָבער, אַ געשייטע זינגערן. אויסגע־שטאַט אַ שטוב; גענומען לעבן, ווי באַ לייטן, גליקלעך, פיין... זי, די טייערע, האָט אים געלערנט איידלקייט; נישט אויפגעהערט צו מענטש־לען; און ער, איז איר געבליבן דאַנקבאַר, דאַריבער, אָן אַ ברעג. ער איז גרייט געווען, יעדע ווײַלע, ווי געזאָגט, זיך־אָפּרייסן פון אָרט; גיין פאַר איר אין דער וועלט... נישט מער, זי אַליין האָט אים אָפּגעהאַלטן דער־פון; גאָרנישט דערלאָזט דעם געדאַנק דערצו... עס וואָלט געהייסן — צו־פיל פאַרלאַנגט פון אַן אייגענעם מאַן אפילו. — האָט זי געזאָגט און, אַרונטערגעלאָזן די אויגן, אַ קאָנפוזיעטע. אינטעליגענץ, ווי באַוואוסט, איז באַשיידן...

ער, האָט איר נאָכמער ליבער באַקומען, דערפאַר. טיף אין האַרצן — קיינער זאָל נישט דערגיין, — האָט ער איר אויפריכטיק געדאַנקט אויך, פאַרוואָס זי האַלט אים אָפּ פון גיין. ווייל, ער פלעג זיין מיד, אַהיימקומענדיק פון דער אַרבעט; געבענקט נאָך רו — וואוהין וועט ער גיין, אַצינד, אין דער נאַכט?!... אַ חוץ דעם; ער, אַף זיין שטייגער, פון פאַך, — האָט געפּראַוועט מאַכן דעם רעכענונג, וויפל ער וואָלט, איצט, געדאַרפט אויסגיין פאַר איר, דער טייערער און געטרייער. וועלכע גיט זיך אים אָפּ אינגאַנצן — אינדערצייט, ווען, פאַר יעדער לאַסקע, האָט ער איר געקומט מיילן ווייט. — אַז, ער פלעגט בלייבן זיצן, דאַן, אַליין — אַ געלייזמטער; נישט קאָנען רירן פונעם אָרט...

...עס איז שוין גלייכער — האָט ער ווייטער געוואוינגן אין געדאַנק — צו זיין אינדערהיים מיט איר; אָפּגעהיט פון אַ פרעמד אויג; פאַר־נעמען איר אומויפהערלעך געזאַנג, איר טרילערן, וואָס האָט געשלאָגן פון איר, ווי אַ קוואַל; און, אַזוי ווי באַ לייטן, לעבן, גליקלעך און שטיל...

...אים, דעם אָרעמען, האָט עס שרעקלעך געמאַטערט, איר פּרעכ־טיק געזאַנג. ער, דער פּשוט'ער האַרציקער מאַן, איז געוואָרן שנעל מיד

פון אזויפיל אינטעליגענץ; זיך־גאַרנישט געקאָנט צוגעוואוינען דערצו; אַנדערש ווערן. ער האָט זיך אויך גישט געקאָנט פאָרשטעלן, ווי געהער־ריק, אז — זי, די איידעלע, זאָל עס נישט ארויסזעען אף אים... עך, נישט דאָס האָט ער גע'חלומ'ט... זיך געהאַט פאָרגעשטעלט, אין זיינע בחור'ישע אילוזיעס, אז — ער וועט האָבן א ווייבעלע, א יונגס און א שיינס; בלוט און מילך. גאַרנישט וועט איר פעלן באַ אים... איז, אז ער וועט קומען אהיים; אָפגעגעסן, זיך־פריי געמאכט... וועט ער פאַר־שפּאַרן טיר און טויער; איר נעמען, דער הארציקער, ווי א קינדעלע, צו זיך, אין זיינע שטארקע אָרעמס; דריקן צו דער ברוסט, איר אויסקושן יעדן אבר; איר קיצלען, אז זי זאָל זיך פארגיין פון געלעכטער;ביידע זאָלן לאַכן, הויך און שטארק, זאָלן גליקלעך זיין...

...אָבער, איצט — וואָס?... — האָט ער, א ברוגז'ער, פאַר זיך, ווײַ־טער געקלערט; געבויגן, אין געדאנק, די פינגער און געציילט — דאָס — נ י ש ט; און יענץ — נ י ש ט; „...—עס פאַסט נישט; עס איז נישט איידל; נישט שיין פאר זיך אליין; פוי, מיאוס... א חוץ דעם — וואו האָט ער דאָס געלערנט, אז, ווען זי זינגט א צארטע איטאַליענישע אריע, אף די העכסטע איידעלע טענער, — זאָל אים גאָר קומען אפן זינען א קושעניש פּלוצים?!..."

ער האָט גוט ארויסגעזען, אז — זי קלויבט זיך אים צו וואַרפן דעם „גראָבן יונג" אין פּנים אריין; נאָר, זי האלט זיך אָפּ, מחמת עפּעס; זי פארהאקט זיך...

ער, פלעגט בלייבן שטיין, אין אזא פאַל, מיט ביידע צעשטעלטע פיס — אין דער מיט צימער; א פארסאפּעטער, א צעפּלעטשטער. נישט געוואוסט, וואו אהינצוטאָן זיינע צוויי שטארקע אומרואיקע הענט. גע־קוקט אף זיי מיט באדויער, און פאָריבל אף זיך אליין...

עס האָט לאַנג אזוי נישט געדויערט. ז' האָט גענומען ארויסקומען מיט לשון... זי איז נאָך יונג און פול מיט לעבן. עס איז איר אומעטיק דאָ, אליין, אין עלנט... ווייל מיך, ביזט מיין מאַן... אָ, ניין. זי וועט נישט גיין באַגראָבן איר יוגנט לעבעדיקערייט. איר גאַנץ לעבן איז נאָך פאָרויס. איר טאַלאַנט, איר צוקונפט. זי ווערט דאָ דערשטיקט, לעבן אים, אין דער טורמע, וואָס ער האָט אויפגעשטעלט פאר איר, אָן לופט, אָן אָטעם... אָ, זי זעט גאַנץ גוט צו, ווי ער איז מיד פון איר — כאָטש ער באהאלט דאָס אויס, אזוי נאריש און נישט־איידל... ער איז אַנדערש געוואָרן, גאַר־נישט צו דערקענען. זע, ווי ער איז צו איר פרעמד, און דערווייטערט ער ווערט, פון טאָג־צו־טאָג. ווי עמיצער וואָלט אים א כישוף אָפּגעטאָן... זאָל ער איר זאָגן, וואָס האָט ער געהאט צו איר, וואָס ער האָט איר אזוי שווער פארוואונדעט, ברוטאַל באַליידיקט, איר יונג לעבן פארפינצ־טערט — אָ, ווי טיף־אומגליקלעך זי איז!...

און, ז' האָט זיך געוואָרפן אַפן געלעגער; צוזאַמענגעבראָכן אין ספּאַזמען, געשנייצט די נאָז, געוויינט און געלאַכט צוזאַמען. זי האָט נישט צוגעלאָזן קיין עסן צו זיך. געבליפּעט, באַטאָג־און-באַנאַכט; נישט געלאָזן אָפּרעכן נישט אים, נישט זיך... לעבן איר, איז ער אויך געוואָרן אויס מענטש. עס איז אים, מיט אַן אמת, נישט געווען צו דערקענען מער...

ער האָט גענומען פאַרשן באַ איר — אַזוי פּאַרזיכטיק, ווי ער האָט נאָר געקאָנט — אין וואָס, איינגנטלעך, דאָ גייט; וו אָ ס זי באַגערט... ע פּ ע ס מוז זי דאָך פּאַרלאַנגען!... — ער איז געווען איינער אַ גליק־לעכער — אַז ער האָט באַמערקט, וויאַזוי זי לאָזט זיך רעדן; זי נעמט קומען צו זיך... ווי דעליקאַט זי איז נאָך געווען, נישט געטאָרט האָבן דעם מינדסטן איבעררייד — גיי, עס קאָן ווערן פאַטאַל, — האָט ז' זיך אָנגעשטרענגט; געבליבן זיצן אַפן געלעגער — אַ בלאַסע, אַ שיין; אים אָנגענומען באַ דער האַנט; זי געגלעט צאַרט, איידל („...ווי אַמאָל, אָ, בחור'וויִיז; באַלד, אַז ער האָט איר דערקאָנט!...") און, מיט אַ שוואַך קול, ארויסגערעדט איר וואונטש:

— זי מוז צופאָרן קיין איטאַליע, שטודירן געזאַנג...

זי האָט נישט ארויסגעלאָזט זיין האַנט פון אירער; אים פאַרקוקט אין די אויגן, געוואַרט...

ער, האָט גאָר מורא געהאַט רעדן דאָס אַנדערע וואָרט. אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ; רעזיגנירט... נאָר, זי האָט אויפגעלויכטן אינגאַנצן; פאַר גע־רירטקייט, זיך אים געוואָרפן אַפן האַלז און ווידער געוויינט — איצט, שוין פאַר פרייד...

און ער, האָט מיטגעוויינט. מאַן און ווייב זענען באַניים געווען גליקלעך...

*　　　*

מע פּאַרשפּאָרט צו שילדערן די געציילטע פאַר וואָכן, ביז זי איז אָפּגעפאָרן קיין איטאַליע. זי האָט געטאַנצט און געשפּרונגען, געלאַכט און געקוויטשעט, ווי אַ מיידעלע; אים ארויסגעוויזן ליבע אָן אַ ברעג; באַלוינט פאַר דער גאַנצער פּיין, וואָס זי האָט אים געבראַכט, מיט איר קרענק... און ער, איז אומגעגאַנגען פאַר איר אַף די שפּיץ פינגער. ער האָט מיטגעלאַכט און זיך-געפריידט, וואָס עס איז אַזוי... („ווייל, גע-קאָנט האָט זיין נאָך ערגער...") כאָטש — טיף־אין־זיך, פאַרבאָרגן — האָט דאָס האַרץ אין אים געוויינט...

איצט, פּאַרשפּאָרט מען אויך צו שילדערן די צייט, וואָס זי האָט געפעלט פונדערהיים; און וויאַזוי ער האָט אומגעבלאָנקעט, איינער אַליין,

אַף גאָטס וועלט; געוואַרט, ער זאָל פֿון זינען קומען... וואָס אַן אמת, איז זי געווען פּינקטלעך מיט די בריוו; אים גענוי אַרויסגעשריבן אַלץ, וויאַזוי זי שטייגט אינעם שטודיום; און, מע זאָגט איר אָן אַ גרויסע צוקונפט... „זאָל ער נישט זאָרגן, איר טייערער. אַלץ, וואָס ער שטרעקט פאַר איר, וועט נישט זיין אומזיסט. אָ, ווי דאָס וועט זיך באַלוינען!... אַז זי וועט צוריקקומען, אַ געענדיקטע, — וועט זיך ערשט אָנהויבן זייער לעבן פֿונדאָסניי. איין גרויסער לאַנגער יום-טוב וועט דאָס זיין פאַר ביידן, פאַר אים און פאַר איר; איין אומויפהערלעכער טריומף־צוג פֿון געזאַנג, ליבע און גליק. זי וועט אויפטרעטן אין די גרעסטע צענטערן פֿון דער וועלט; און, רום וועט זיך דאַן שפּרייטן צו אירע טריט... אָ, זאָל ער נישט זאָרגן, איר טייערער. זי האָט גאָר אַזויפיל אַליין נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן — דאָרט, אינדערהיים, אַז זיי זענען געווען צוזאַמען — ווי טיף זי ליבט אים, און ווי צאַרט! ערשט דאָ, אינדערפרעמד, זייענדיק אַליין מיט זיך, האָט זי עס דערשפּירט. אָ, ווי שטאַרק זי בענקט צו אים, באַטאָג, באַנאַכט; און, ווי טריי זי פאַרבלייבט אים כסדר, ערלעך איבערגעגיבן! זאָל ער וויסן זיין, איר ליבער, אַז — עס גייט איר גאָרנישט אָן מער, אַ חוץ דעם שטודיום; און, אַז זי קוקט שוין אויס דעם טאָג, ווען זי וועט האָבן פאַרענדיקט און, באַלד קענען צוריקקערן אַהיים. ווי מיט פליגל וועט זי דאַן צו אים פליען. פֿון דאַן אָן, וועלן זיי תמיד פאַרבלייבן צוזאַמען, אַף אייביק; און, קיין קראַפט אין דער וועלט וועט זיי נישט קאָנען שיידן מער...״

ערשט, צום סוף, און אַזוי, כלאחר־יד, האָט זי דערמאָנט, אַז זי איז געענגט; דאָס לעצטע געלט, וואָס ער האָט איר, אַנומלטן, צוגעשיקט, איז איר, שוין לאַנג, אויסגעגאַנגען; און, זי ברויכט נאָך...

נו, נאָך אַזאַ לאַנגן און איידעלן ליבע־אויסגוס, וואָלט מען דאָך טאַקע גענדאַרפט זיין אַן אכזר, אַ גראָבער יונג, און איר אָפּזאָגן!... אַצינד, וואָלט מען דאָך געווען גערעכט אין אַלץ, וואָס מע וואָלט געוועזט געזאָגט אַף אים!...

...אַ חוץ דעם — איז אים, פּלוצים, איבערגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז ער האָט אַליין נישט געוואוסט רעכט, פֿון וואַנען ער האָט זיך צו אים דערנומען; און, אַרויסגעשלאָגן אַף אים אַ שוויס, פֿון אומרו — איז זי, דאָך, אייגנטלעך, דאָס שפּיל-פֿויגעלע זיינס. איצט, איז עס אַנטלאָפן פֿון שטייגל; און עס האָפּקעט אום אַף דער פריי, אַרבעט מעשים, קערט וועלטן; ווער ווייסט, צו וואָס עס קאָן זיך נאָך דערטראַכטן — עס זאָל נישט ווערן אַמאָל צו־שפּעט!...

...שטיי-זשע נישט, שלים-מזל איינער, מיט פאַרלייגטע הענט — אַז דו האָסט שוין יאָ דערצו דערלאָזט — גיב־נאָך אַלץ, וואָס מע הייסט דיר, טענה־נישט; אַבי — זי, די טייערע, די ליבע, זאָל זיך לאָזן אַריינ־

נאָרן ווידער — דאַן, וועט מען זעען!...

און, ער האָט פאַרקרעמפּעוועט דאָס האַרץ און געשיקט, וויפל ער האָט נאָר געקאָנט; גאָר מורא געהאַט אַ וואָרט אויסצורעדן, אַז... בסך-הכול, האָט ער עס נישט באַדאַרפט איינגאַנצן. פאַר אים אַליין איז דען נישט רעכט געווען איר גרזאַנג, אַזוי ווי עס איז? — נאָך צופיל געווען!...

איצט, אַז ער גיט אַ קלער, וואָס עס וועט זיך אָפּטאָן, אַז זי וועט שוין, מיט גליק, קומען צופאָרן, אַ געענדיקטע; אַז — עס הויבט זיך ערשט אָן, — אַזוי, פאַרגייען אים אַנגסטן; און ער בלייבט זיצן, דערשלאָגן, ווי אַ פאַר'משפּט'ער צום טויט... אַצינד, ווייסט ער שוין, אַז זיין רו איז פאַרלוירן אויף אייביק!...

און, ווירקלעך; די צייט איז נישט געשטאַנען. עס איז געקומען דער טאָג; און, זי איז דאָ... זי איז אַזוי אַנדערש געוואָרן; וואַזשנע, און נאָך מער אויטאָריטעטלעך, ווי געווען... ער וואָלט געמאָגט שווערן, אַז מע האָט זי אים דאָרט פאַרביטן; און, ער דערוועגט זיך גאָרנישט צוקומען נעענטער... נאָר, זי האָט געשמייכלט און אים געזאָגט, אַז — איצט גע-פעלט ער איר; ווען מע זעט, אַז ער איז פול צו איר מיט רעספּעקט...

אָבער, לאַנג האָיען זיך איז קיין געשעפט נישט. עס גייט אַוועק די צייט. מע דאַרף באַלד צוטרעטן צום עיקר... זי האָט מיטגעבראַכט רע-קאָמענדאַציעס, פאַרבינדונגען. די שווערסטע טירן, אַצינד, וועלן זיך קענען עפענען פאַר איר. זי, וועט באַלד אָנהויבן פון גרויס, אַז — עס וועט שלאָגן. זי גיט אַ געזאַנג־אָוונט אינעם גרעסטן שטאָט־סאַלאָן!

ער, האָט דאָס אויסגעהערט, אַזוי ווי דעם גזר־דין, און, נאָך צו-געשמייכלט דערצו — אויס באַגייסטערונג, אַ וודאי... ער האָט גענומען צוגרייטן דעם אָוונט.

אויף אירע אָנווייזונגען, תחילת, האָט ער געפּרואווט לאָזן אין גאַנג די אַלע רעקאָמענדאַציעס און פאַרבינדונגען, וועלכע זי האָט מיטגע-בראַכט... נאָך אַלעמען, וואָס ווייסט ער, אַ פּראָסטער מענטש, אין די איידעלע זאַכן? אַז מע הייסט — פאָלגן!

נאָר, באַלד איז געוואָרן קלאָר, אַז — עפּעס גייט דאָ נישט, ווי עס דאַרף צו זיין; און, די שווערע טירן בלייבן געשלאָסן, ווי געווען... אַ פּנים — האָט ער זיך געקלערט — די ריגלען זענען פאַרזשאַווערט, זיי גיבן נישט נאָך; און, מע ברויכט זיי רעכט איינצושמירן, זיי זאָלן נאָכ-לאָזן פון זייער צאָרן... אָ, אויף די זאַכן איז ער אַליין אַ מאַדים, אַן אינ-זשעניר פון פאַך; נישט איינמאָל געמוזט אָנשפּאַרן דאָרט, וואו מע דאַרף...

פאַרשטייט זיך, אַז — עס איז אויסגעגאַנגען צו זיין קאָפּ. ער האָט נישט גערעדט דאָס צווייטע וואָרט און געטאָן דאָס נויטיקע... און ווידער, וועט ער דאָך נישט קומען איצט צו איר מיט די פּראָזאאישע

קלייניקייטן, אז — זי איז אינגאנצן אריינגעטאָן אין די פאָרבאַרייטונ־
גען צו איר ערשטן אויפטריט, צום גרויסן טריומף! עס וואָלט דאָך,
באמת, געווען אַ פאַרשוועכונג, אַ שרייענדע פּראָפאַנאַציע פון אַלדאָס
איידעלע און דערהויבענע!... אַף אַזוי ווייט איז ער נאָך אַ מבין אַף דעד־
ליקאטע זאכן. אָ, ער איז גאָרנישט אַזוי גראָב, ווי מע מיינט וועגן אים!...

ביז, עס איז געקומען יענער פאַטאַלער אָוונט. אינעם ריזיקן אָפּערע־
סאַלאָן איז געווען איבער אַ העלפט ליידיק; און די פוסטקייט האָט אריינ־
געלאָכט ציניש־ברוטאַל איטלעכן אין צורה אריין. אויך די געקומענע זע־
נען געווען מער פריינט, פאַרבעטענע, ווי איינצאַלער פארן בייזיין. דאָס
רוב זענען זיי באַשטאַנען פון רעפּאָרטערס, קונסט־אָנלייגער — אַלע,
גערויבערטע לולקעס, איינס־אין־איינס, וועמען דו ועסט שוין מיט אַזעל־
כע שמאָנצעס נישט נעמען — מע קען זיך, ברודערקע, אַף די זאכן!...

אַזוי, אַז פון רווח איז אָפּגערעדט... עס האָט זיך אָנגעהויבן דער
אַקט. געוואָרן שטיל. אַלעמענס בליקן — אָנגעשטעלט אַהין, אַף דער
בינע, צו איר. זי האָט גענומען זינגען...

ער, איר מאַן; ווי ביטער עס איז אים נישט פאַרגעקומען אַפן האַר־
צן, וואָס ער האָט זיך אויסגעבראַכט, אַ פארמעגן גע'פּטר'ט אַף היינטי־
קן אָוונט און — גאָרנישט, — האָט ער דאָך, אַצינד, געוואָלט דערזעען
כאָטש באַ עמיצן פון זאַל אַ שמץ פון נחת־רוח, וואָס עס פאַרשאַפט זיין
ווייבס געזאַנג. עס וואָלט געווען באַ אים העכסט אָנגעלייגט. דאָס וואָלט
די ווערט געהאַט באַ אים זיין גאַנצע האָרעוואַניע, מי און פּראַצע — פאַר
דער איינער רגע גליק, אַז ער האָט דעם כבוד זיך צו געפינען נאָענט פון
אָט דער זעלטענער דאַמע, וועלכע צינדט אָן אַלעמענס האַרץ מיט באַ־
גייסטערונג... אין דער רגע, איז זי אים, זיין פרוי, טאָפּלט טייערער גע־
וואָרן. אָ, אים, דעם פּראָסטאַק, האָט גענומען געפעלן ווערן מיטאַמאָל
איר אַמביציע און עקשנות, וואָס זי האָט זיך פאַרמאָסטן גרויס און, מיט
איר גלויבן און טאַלאַנט, צעשטערט שטערונגען, בייגעקומען בערג. אַ
כפּרה — געלט; נאָר, וואָס האָט די ווערט, אַז — זי האָט אירס אויס־
געפירט! איצט, שטייט זי דאָ, אַ מאַיעסטעטישע, אַ שטאַלטנע; האַלט
צוגעשמידט צו זיך אַלעמענס בליק און האַרץ און, זי שפּאַנט, מיט זיי
צוזאַמען, פון עקסטאַז צו עקסטאַז...

נאָר, אַז ער האָט — אויס זיין אָרט, וואו ער האָט זיך געפונען, אין
אויבנאָן — אַ קוק־געטאָן אַרום, — איז אים געוואָרן פינצטער אין די
אויגן און אין האַרץ. ער האָט דערזען פאַר זיך אַ מענגע לעבלאָזע פנים'ער,
אָן אויסדרוק, ווי די תחת'ער אַלציינס. עס האָבן געפינטלט באַ זיי די
אויגן; און זיי האָבן געמוזט מאַכן העראָאישע אָנשטרענגונגען — זיי
צו דערהאַלטן אָפן, נישט איינשלאָפן...

אַ פאַרביטערטער, האָט ער זיך, האַסטיק, אָפּגעקערט פון זאַל; זיך־

איבערגעטראָגן צו דער בינע; געפּרואווט אנשטעלן אַף איר, זיין טייערער ווייב, מויל און אויערן... „—פאַר אים זאָל זי זינגען איצט; פאַר אים אליין! נישקשה, ער האָט דאָס די ווערט. ער איז דער איינציקער דאָ. וואָס ווייסט, ווי איר אָפּצושאַצן; און איר געבראַכט, מיט די לעצטע כוחות, ביז אהערצו...

נאָר, באַלד איז ער געבליבן אליין, אַ דערשראָקענער. ער האָט זיך קיין רעכענונג ניט געקאָנט אָפּגעבן, וואָס עס האָט דאָ פּאַסירט. ער האָט, אַצינד, געקוקט אַף זיין פרוי און, זיינע אייגענע אויגן נישט געגלויבט. עפּעס איז זי אים פאָרגעקומען, פּלוצים, אַזוי קליין, אומבאַהאָלפן... וואו איז דאָס אהינגעקומען איר שלאַנקע מאַיעסטעטישע פיגור?! — און איר שטימע, וואָס פלעגט אויספילן די צימערן פון זייער קליינער באַ-שיידענער וואוינונג — אַז ער האָט נישט געהאַט, וואו אהינצוטאָן זיך פאַר איר, — זי האָט, ערשט, קוים געגרייכט דעם אויער; געגאַנגען פאַר-לוירן אין אַלע עקן; געוואָרן צערונען איבער די געוועלבער און צוריקגע-קערט, אַזוי ציטערדיק-אָרעם און אַלט-געבראָכן... מע האָט געזען, ווי אַזוי זי, די אָרעמע פרוי — דאָרט, אַף דער בינע, — מאַכט פאַרצווייפלטע אָנשטרענגונגען — ארויסצוברענגען פון זיך די נשמה; זי אַריינלייגן, ווי אַ בלוטיקן געשאַנק, אין איר שטימע, וואָס זי שטרעקט אַצינד אַנט-קעגן אירע צוהערער, אירע פייניקער... נאָר, עס איז דערפון גאָרנישט ארויסגעקומען. אָ, אַלעס איז געווען אומזיסט. געלאָזן אירע רוצחים קאַלט, ווי אייז... ערשט, האָט זי אויסגעשטרעקט אירע הענט צום זאַל; געבליבן אַזוי שטיין, ווי פאַרגליווערט; ווי נאָך אַ נדבה-בעטן, אַז מע האָט אָפּגעזאָגט...

און, ער האָט נישט געקאָנט צוזעען מער, דער מאַן אירער; זיך-אוועקגעקערט... דער אַקט איז געווען צו ענדע. קאַלטע העפלעכע אַפּלויזן האָבן באַגלייט איר לעצטן זשעסט. מע איז אויפגעשפּרונגען, ווי אָפּגע-בריטע, פון די פּלעצער; געאיילט צום ארויסגאַנג, ווי פון אַן אָפּקומע-ניש אַלציינס... באַלד, האָט די ליידיקייט באַהערשט דעם גאַנצן ריזיקן סאַלאָן, וואו געבליבן זענען זיי ביידע, ערשט, אַליין; אַריינגעלאַכט זיי אין צורה, אָן בושה; גענומען דראָען; זיי ארויסגעיאָגט פון דאָרט...

* * *

אַפן אַנדערן טאָג גלייך, האָט זיך אָנגעהויבן דעם גהנום. זי האָט געפּיבערט אינגאַנצן, אַז מע האָט איר גאָרנישט געקאָנט איינגעמען... זי האָט גענומען לויפן פון איין פּראָפעסאָר צום אַנדערן... נישט אַנדערש, ווי מע האָט איר פאַרשאָלטן, אַ כישוף אָפּגעטאָן!... וואָס איז דאָס מיט

איר שיינער הערלעכער שטימע געוואָרן?!... זי וועט עס נישט אויסהאַל־טן מער! —

פאַרשטייט זיך, אַז ער, דער מאַן אירער, פּלעגט מיטלייפן מיט איר אומעטום. ער איז געפאַלן פון די פיס, און געלאָפן... — ער וועט דאָך נישט גיין איבערלאָזן אַליין זיין צאַרטער איידעלער פרוי, ערשט, אין אַזאַ קריטישער שעה פאַר איר לעבן!... — ער איז, מיט אַן אמת, איידל געוואָרן, אַצינד, אַזוי ווי אַ שאָטן, אַז אַ ווינט האָט אים געקאָנט אַוועק־בלאָזן... נאָר, וואָס פאַר אַ ווערט האָט ז יי ן לעבן, אַז אירס שטייט אין קאָן! — ער, קלאָגט זיך נישט, און גייט מיט...

ער איז נישט אָפּגעטראָטן פון איר; איר געטרייסט, מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. נאָר, זי האָט זיך גאָרנישט געלאָזן באַרואיקן. זי האָט געגוואַלדעוועט און געוויינט אַפן קול; געריסן די האָר פון קאָפּ. דער־ביי, האָט זי זיך, אָפּט, טועה־געווען; (אַזוי ווי ער איז איר, תמיד, געווען צו דער האַנט;) און, אָנשטאָט א י ר ע, געטראָפן צו זיין קאָפּ האָר... אָבער, ער, וואָס איז שוין געווען געוואוינט צו די צרות, — האָט, אויך ערשט, פאַרקרעמפּעוועט די ליפּן און געשוויגן. ער האָט אויסגעקוקט, אַ, ער האָט געהאַט גרויס בטחון אין דעם, אַז — אַלצדינג וועט זיך איבער־נעמען; עס וועט פאַרביי, ווי אַ שטורעם, אַז מע וועט גאָרנישט וויסן רעכט, וואו דער געביין איז אַהינגעקומען; און דאַן, וועט צוריקקערן דאָס גוטע, דאָס גליק, ווי געווען... מע דאַרף נאָר קענען אויסוואַרטן; און, ער וועט דאָס באַווייזן...

די פּראָפעסאָרן, צו וועמען מע איז געלאָפן נאָך הילף, — האָבן איר אויפגענומען זייער־פריינטלעך; לאַנג געשוויגן און, מיט גרויס סבלנות, אויסגעהערט אירע קלאָגעס. ביז, זי איז שטיל געבליבן, אַ דערשעפּטע. דאַן, זענען זיי צוגעטראָטן דירעקט צום ענין; און, מיט דער גרעסטער פּאָרזיכט, דעליקאַט, גענומען פאָרשן דעם פאַרנעם פון איר שטימע; איר קאַפּאַציטעט; איר מעטאַלישקייט און פּאָטענץ. ווידער לאַנג געשוויגן; נישט גערעגט קיין אילוזיעס; פאַרשריבן מיטלען; און, צולעצט, אויס־געדריקט דעם וואונטש, צו — וועלן האָבן דעם כבוד, איר ווידער קאָנען אויפנעמען באַ זיך, מיט דער צייט...

אַזוי, ביסלעכווייז, האָט מען איר געזען צוגרייטן צום אומפאַרמייד־לעכן, פאַטאַלן... זי איז באַשאָנקען פון דער מאַמע־נאַטור מיט אַ צאַר־טער זאַנפטער שטימע, ווי אַ פייגעלע די גרויס... איז דאָס פאַר איר ווינציק?!... אַ פייגעלע זינגט, זאָל עס... ווען עס פעלט, אָבער, אַריין צו אַ שלעכט קינד אין די הענט אַריין; עס כאַפּט זיך צו צו דעם, גלעטן עס, צערטלען, — ווי לאַנג, מיינט איר, דויערט עס?... עס פאַרוואָרפט מיטן קעפּל, פאַרביי... גיין, מיט דער מאַמעס מתנה וואַרפט מען זיך נישט...

...עס האָט אויסגעזען, ווירקלעך, אַז זי נעמט דאָס אויף רואיק; מיט

ווערדע. זי האָט, דערביי, אפילו, בלייך איידל געשמייכלט; געדאַנקט פאַר אַלץ...

נישט מער; באַ אירע לעצטע אָנשטערענגונגען, האָט זי זיך איבער־געריסן, אַ פּנים; געבליבן הייזעריק, ווי די וואַנט... און, די פּראָפעסאָרן האָבן פאַרשפּראָכן איר באַפרייען דערפון; אומקערן, צוריק, דאָס קול.

*　　　　*

און עס איז געווען, אין ד ע ם טאָג, אַז זי האָט אויפגעזוכגען אין שטוב, מיט איר פריש באַנייט קול, — איז ווידער אויפגעגאַנגען די זון איבער יענעם הויז; און, עס האָט געשיינט, אַז, דאָס מאָל — אויף דויער...

יענץ, דאָס פּאַטאַלע, איז אַזוי ווי אינגאַנצן געוואָרן ארויסגעשטויסן פון זכרון. מע האָט נישט גערעדט דערפון; אַ וודאי, זיך געהיטן... זי איז ליבלעכער געוואָרן, צוגעלאָזענער צו אים — איר פיל-געפּרוואווטן מאַן, דעם אָרעמען, (ווי זי האָט אים, אַליין־ערשט, אָנגערופן;) וואָס האָט געהאַט אַזויפיל אויסצושטיין, פאַר דער גאַנצער צייט, פון איר, דער שלעכטער און קאַפּריזנער... ער, האָט אויסגעהאַלטן דעם פּרוּאוו, ווי אַ קאַוואַליר; איידל און מיט ווערדע. און זי, וואָס? — אפילו איינ־מאָל אים רעכט נישט באַדאַנקט דערפאַר...

אַזוי, האָט זי זיך אַליין פירגעוואָרפן; געקוקט צו אים, האַלב־שעל־מיש-פאַרשעמט; נישט־דערוועגט... נאָר, ער, אַ באַגליקטער, פּלוצים, אַ צעשיינטער — האָט פאַרגעסן, מיטיינמאָל, אָן דער גאַנצער פיינלעכער לערע וועגן איידלקייט און מאַנירן, וואָס זי האָט אין אים אַזויפיל אריינ־געשפּאַרט, זינט זי איז זיין פרוי געוואָרן; ווי אַ כּישוף, איז דאָס פון אים געוואָרן אָפּגעטאָן; און, ווי אַ הונט, ווען מע מאַטערט, אַ שטיק צייט, אויף די צווייי פיס, פאַרן פרייז פון אַ געשמאַקן ביסן, און מע דער־לויבט אים, ענדלעך, צוריקקערן צו זיין נאַטור,— אַזוי, האָט ער זיך, ערשט, אַ לאָז-געטאָן צו איר; איר אין זיינע פעסטע אָרעמס איינגעשלאָ־סן; און, פּיליכט, צום ערשטן מאָל, זינט ער האָט איר דערקאָנט, — אַליין דערשפּירט, אַז ער לעבט אויף דער וועלט...

אָבער דאָס איז נאָך ווינציק. גליק, אַז עס נעמט פליסן, ווייסט עס גאָרנישט, וועגן אויפצוהערן.

מיטן גאַנג פון טעג, איז זי גאָר אַן אַנדער מענטש געוואָרן. אפילע באַרעדעווודיקער, פרייער. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אויף איר קוקנדיק (און, ווער עס האָט איר געקאָנט פון פריער), אַזוי ווי זי וואָלט דערוואַכט פון אַ טשאַד, אַ בייזער פאַרבלענדזעניש; זאָל האָבן געקומען צו זיך... זי האָט שוין נישט מורא-געהאַט מער, ווי אין יענע טעג, צוריקקערן צו

דער נישט־לאַנגער פאַרגאַנגענהייט... אַ סימן, די געפאַר איז אַריבער...
זי האָט געהאַט אַ פול מויל געלעכטער מיט פרייד, באַם אפּערבערענגען
פילע קוריאָזן פון איר פאַרביקער אַוואַנטורע אין איטאַליע. זי האָט, ערשט,
אַזויפיל געלאַכט, אַז זי האָט אים, דעם פּויזעם, אויך מיטגעריסן; הגם, ער
האָט רעכט נישט צעקייעט אירע נישט־דערענדיקטע רייד, וואָס זענען
געבליבן שטעקן ערגעץ, אינעם פלייץ פון איר פאַרכלינעטן לאַכן...

איינעם, אַ קוריאָז אַזאַ, האָט זי געפּרואווט אָנווענדן באַ זיך אין
שטוב און, טאַקע גלייך אפן אָרט. זי האָט פאַרזיכערט, אַז דאָרט, אין
איטאַליע, איז ער אָנגענומען אומעטום.

צו דעם צוועק, האָט זי פאַרגרייט אַ נאַכט־מאָל אין איטאַליענישן
סטיל; מיט לאַנגע לאָקשן א. א. וו. ווען ער איז געקומען פון דער אַר־
בעט, — איז די גאַנצע שטוב געווען פאַרשמעקט, אַז עס איז אים באַלד
פאַרלאָפן די סלונע אין מויל; און, אַזאַ האַרציקער מאַן, ווי ער איז גע־
ווען — ווי עס איז באַוואוסט פון פריער, — האָט עס אים גלייך אַ כאַפּ־
געטאָן פאַרן לעפעלע... געווייגלעך, אין אַזעלכע פאַלן, — פלעגט ער
באַלד פאַרגעסן, וואו ער איז אין דער וועלט; און, ביז ער האָט נישט
געלאָזן שטילן דעם צאָרן, — איז גאָרנישט געווען, מיט וועמען צו רע־
דן — אומזיסט די טירחא!

דאָס מאָל, אָבער, אין יענעם גליקלעכן אָוונט, — איז אַנדערש באַ־
שערט געווען. אַז ער האָט זיך געלאָזן צום טיש — גרייט, ווי אַ לייב,
צום פאַרצערן, — איז זי אים אַרויס אַנטקעגן, פאַרשטעלט דעם וועג.
איצט, האָט זי אים קאַטעגאָריש דערקלערט, דעם סיניאָר מאַעסטראָ,
אַז — עסן גייט נישט פאַר געזאַנג. דאָ, אַפן אָרט, מוז ער אָפּזינגען, מיט
איר צוזאַמען, אַן אַריע. זי, הויבט אָן; און, ער גייט איר נאָך...

ער איז געבליבן, אַ דערשראָקענער. ער האָט גאָר קיינמאָל נישט
געוואוסט אַף רעכט, צי ער האָט גאָר אַ שטים צום זינגען. און ס'אַנדערע

— ע ר, ק ע נ ן א י ר ?!

נאָר, זי האָט זיך נישט געלאָזן און גלייך אָנגעהויבן:

...אַ־אַ־אַ־אַ אַ אַ אַ...

דאָ, אין די ענגע ווענט פון דער באַשיידענער וואוינונג, האָט איצט
געטרילירט איר דערפרישטע שטימע, ווי אַ קאַנאַריק. זי האָט געלאַכט
צו אים, אים דערמוטיקט... ער האָט זיך אָפּגעהוסט; געוואָרן רויט ביזן
קאַרק; אַזש אנגסטן האָבן אים באַשלאָגן, אַז ער האָט אָנגעהויבן:

...אָ־אָ־אָ־אָ אָ אָ אָ...

עס האָט זיך גלייך ארויסגעוויזן, אַז ער האָט אַ העלדישן לעבן־ברום, וואָס מאַכט ציטערן די לופט. און, כאָטש זי האָט זיך גישט נאָכגעגיבן; געמאַכט אַלע אַנשטרענגונגען אים־איבערצוקומען; דערביי, האָט זי זיך אויסגעצויגן אויף די שפּיץ פינגער, ווי לאַנג זי איז; אַליין, אויך רויט געוואָרן אין צורה; און, באַקומען, דאַדורך, דעם אויסזעען פון אַ יונגן שקצ׳עוואַטן האַנטשיק, וואָס קלויבט זיך פאַרמעסטן אויף עלטערס פון זיך:

—...ע־ע־ע־ע ע ע ע...„—

דאָך, האָט אים נישט געקאָסט קיין פיל מי, איר צו דעקן. ער האָט געגיבן אַ צעשטעל די פיס; אָנגעשפּאַרט ביידע הענט אויפן בויך און ארויסגעלאָזט אַזאַ רויען ברום, — אַז זי איז געבליבן, אַ צעטומלטע...

לאַנג האָט עס נאָך געדויערט דער קריג; ביז, זיי האָבן זיך אויפגעטראָפן צוזאַמען און האַרמאָניש פאַרענדיקט:

...אי־אי־אי־אי אי אי אי...

זי האָט, אָבער, געמוזט צוגיבן, אַז ער איז ארויס דער זיגער; און אים אונטערגעטראָגן, דערפאַר, אַ טאָפּעלע פאַרציע לאָקשן:

— נאַ, פרעס, און טענה נישט...

דערנאָך, האָט ז׳ צוגעקוקט — אַזוי שעלמיש, פון דער זייט — ווי ער האָט געריבן אויף ביידע באַקן...

„...—אַזאַ נאָכגעלאָזענער באַלוואַן... — האָט זי צוגעברומט, אונטערן נאָז, דעם מאָטיוו — ...אַ פּנים, עס ליגט אים גוט אין טעם, דעם פּויזעם...”

און, זי איז נישט געבליבן אומצופרידן פונעם אָפּגעטועניעם...

* *
*

ווי די נאַטור איז צום מענטש, אַזוי איז ער צו זיך, צו אייננאַנדער. אין אונזערע לענדער, ווי באַוואוסט, פון דעם דרום־אַמעריקאַנער קאָנטינענט, ווייסט נישט די נאַטור כמעט פון קיין איבערגאַנג, אין אירע דערשיינונגען; פון אַ לאַנגזאַמער בהדרגה׳דיקער אויפוויקלונג פון אירן אַ פענאָמען, וואָס זאָל זיך, אַזוי׳ אומבאַמערקט און אין לאַנגע אויסדויערנדע ניואַנסן, אַריבערגליטשן אין אַ צווייטן... דאָ, בא אונז, איז די נאַטור רעבעל; און, אויסשליסנדיק יעטוועדן דויערנדן דעמערן, בין־

השמשות, — ברעכט זי אָפּ שארף אירע סענסאַציעס; און שפּאַנט אַרי־בער ספּאַנטאַן פון טאָג צו נאַכט, פון קעלט אין היץ, און פאַרקערט. אָ, אין דער הינזיכט, איז זי גרוויזאַם!

בא אַזאַ לוינע, פאַרשטייט זיך, איז נישט צו דערוואַרטן פון איר קינד, דער נאַטורס, פונעם מענטשן דאָ, עפּעס אַנדערש; און, וואָס פריער מע זעט דאָס איין, פאַרשפּאַרט מען זיך אַלצמער דעם קלאַפּאַט אין דער צוקונפט. איינס פון די ביידע: אָדער, מע פאַרלויפט דעם וועג אין פאָרויס; אַנישט, איז — כאַטש, נעם, שלאָג־זיך קאָפּ אָן־דער־וואַנט...

...נישט לאַנג האָט אַנגעהאַלטן דאָס גליק אין יענעם באַשיידענעם הויז. אַזוי־ווי אַ שטורעם האָט איינגעשלאָגן איבערן קאָפּ פון דעם וואוילן יונגנמאַן — אַז ער האָט געהאַלטן אין זיין רעכטן מיטן זיסן דרימל — און אים אויפגעריסן, אַ געפּלעפטן. אָט דער זעלבער שטורעם האָט אים שוין נישט געלאָזן מער קומען צו זיך; אָפּדעכן, אַ ווילע; פּרוואוון שמע־לן דעם געדאַנק, וואו ער איז אין דער וועלט. ער האָט דערלאַנגט איבער אים, וואו ער האָט נאָר געטראָפן; און אים גענומען אומטרייבן פון איין עק צום צווייטן.

זי, די פרוי, דער קוואַל פון זיינע פריידן און ליידן — איר איז, פּלוצים, געוואָרן נישט צו דערקענען... זי האָט זיך אויפגעהויבן, אין איין פרימאָרגן, פון שלאָף — אַ פאַרענדערטע, אַ ווייטע; מיט אַ פרעמד פּנים, אַן אָנגעצונדנס... אַזאַ, האָט ער איר נאָך, קיינמאָל, ביז איצט, נישט געזען; און, דאָס הארץ אין אים איז איינגעפאַלן, פאַר שרעק — ווי עס האָט דערשפּירט דעם אָנקום פון געוויטער... ער האָט אָנגעשטעלט אָף איר אַ פּאָר אויגן, פול מיט געבעט, און געוואַרט...

נאָר, זי האָט אים נישט געלאָזן טראַכטן לאַנג; האָט אויסגעפּלאַצט פּאַראַמאָל... ווייל — זי קאָן דאָס שוין מער נישט שטיקן אין זיך; נאָס־מאַכן, דורך די־נעכט, די קישנס מיט אירע הייסע טרערן, בעת — ער שנאָרכט, בא דער זייט, ווי אַ גוטער אָנגעזשערעטער חזיר, וויל פון גאָר־נישט ווייסן... וואָס־זשע מיינט ער דאָס, דער שלים־מזל, אַז — זי האָט שוין שלום־געמאַכט מיטן געדאַנק — אָפּצופינצטערן, אָט־אַזוי־אָ, איר לעבן מיט אים — גע׳פּועל׳ט בא זיך, האַ? — אויב אַזוי, קאָן ער איר נאָך נישט! אָ, ער האָט איר קיינמאָל נישט געקאָנט, דער אויסוואורף! אין דעם באַשטייט איר גרויס אומגליק, וואָס זי האָט אים גאָר אינגאַנצן דערקאָנט; אים, דעם גראָבן יונג, איר יונגע צאַרטע זעלע אָנפאַרטרויעט... אָבער, אַצינד, ערשט, וועט ער — א י ר דערקאָנען; וויסן, ווער — ז י — איז; אָף וואָס זי איז פעאיק, ווען מע פאַרליינגט זיך אָף איר לעבן, מע טרעט עס מיט די פיס...

...זי האָט דעצידירט — צוריקקערן צום געזאַנג, צו איר קאַריערע, איר לעבנס־באַרוף. וואָס ווייסן דאָרט פראָפעסאָרן, אַלטע אָפּגעלעבטע

בעק, פון דעם הייליקן פלאַם, וואָס פאַרצערט איר געמיט! פון דעם גרוי־סן שטורעם, וואָס צעטראָגט איר האַרץ, און שטויסט איר אין קאַמף פאַר איר לעבן, איר שטייגונג, פאַר איר זיכערן טריומף! — און, אַליין וועט זי איצט גיין אין קאַמף, איינגאַנצן אַליין — ווען ז' האָט זיך נישט אַף וועמען צו פאַרלאָזן מער; אַפילו נישט — אַף איר אייגענעם שלים-מזל... נאָר, זי וועט מער נישט צוריקטרעטן! פאַרברענט אַלע בריקן אַהינטער זיך. זי זעט, פון אַצינד און ווייטער, איין וועג פאָרויס; און דאָס איז דער, וואָס פירט אַהין, צום ניצחון!

פון זינט דאַן, טרעט איין אַ גריילעבע איבערקערעניש אינעם גאַנ־צן צוזאַמענלעבן פון יענעם אומרואיקן פאָר. אַלדאָס ביז־איצטיקע בלייבט נישט, ווי פאַרטראָגן מיטן ווינט; געלאָזן נאָך זיך אַ צערודערניש, אַ כאַאָס, אַ צעשטערונג... די פרוי נעמט אויספעלן, אַף גאַנצע טעג, פון דער היים; פאַלט אַריין, שפּעט באַ־דער־נאַכט, אַ ווסטרעוואָזשעטע, און אויפגערעגטע. זי איז אינגאַנצן צעשמייכלט. איר פּנים, פול מיט גליק, ווי אַ קינד... אָ, זי האָט ווידער דערוואַכט צום לעבן, צו איר יוגנט, צו איר פרייהייט. שוין לאַנג נישט אריינגעאָטעמט גאָטס לופט אזוי טיף אין איר ברוסט, ווי איצט. זי גייט אַהין, וואו עס וואַרט אַף איר די צוקונפט, די פרייד ... זי האָט צוריקגעקערט צו איר וועלט, פונוואַנען קיינער קיינמאָל וועט איר נישט אַרויסרייסן מער!...

געוויינטלעך, אין דער שפּעטער שעה, אַז זי איז געקומען אַהיים, — פלעגט זי טרעפן איר מאַן, אַ פאַרומערטן, אַ דערשלאָגענעם, זיצן און וואַרטן אַף איר. ער האָט זיך נישט דערוועגט איר גיין פונאַנדער־פרעגן, פונוואַנען זי קומט איצט צוגיין; וואו זי איז געווען, דעם טאָג; אין אַלגעמיין, וואו זי ברענגט, לעצטנס, צו די צייט... ער האָט גאָר מורא־געהאַט צו טראַכטן דערפון; געשראָקן, פראָסט־פּשוט, פאַרן בלויזן גע־דאַנק... מיט גרויס פאַרזיכט — ער זאָל איר נישט דער׳רגז׳נען, פאַרטשע־פּען דעם האָנאָר — האָט ער איר געפרעגט — טאָמער, ליידט זי הונגער, חלילה, — אַזוי, האָט ער געבראַכט פון גאָס פאַרשיידנס — וואָס ווייס ער?! — און עס ליגט, דאָרטן, אין קיך, אַלעם צוגעגרייט פאַר איר...

דערביי, האָט ער איר אָנגעקוקט, מיט תחנונים; מיט שטומער גע־טריישאַפט, אַזוי־ווי אַ בעל־חי; געקוקט אַף איר און געציטערט...

נאָר, ז' איז געבליבן קאַלט צו זיינע קריכערייען...

—...שטייט, ווי אַ הונט, דאָס נעבעכל; מאַכט זיך גע׳פּגר׳ט — אַ מינוט צום טויט; און, קוקט אויס אַף אַ נאַש... אָבער — דו, ווייז אים נאָר אַ פינגער, דעם גראָבן יונג, — אַזוי, דערקענסטו אים נישט גלייך; וואו גע׳פּגר׳ט, ווער?! באַלד, גייט אַף אים אַרויס אַ נייע הויט; און דאָס וואַרפט זיך צו דיר, ווי אַ חזיר — גרייט אונזערם אַ מענטש, אָ, דער צאַרטער איידעלער בלום, אויפזשערען אינגאַנצן, פאַרשלינגען!... עך,

ווי זי קאָן זיך שוין אַף אים, דעם ווערעמדיקן מאַן אירן, דעם אונטער־לעקער; זי האָט אים שוין אָט־אָ־דאָ־אָ — געגנוגן!...

און, עפּעס ווי אַ באַנומענע בעסטיע, אַ מרשעת, באַ וועמען דאָס רישעות נעמט זיך גאָרנישט אויס, נייערט, פאַרקערט, עס האַלט אין איין אָנקוועלן, ווי אויס אַן אויפגעשפּאַרטער פּעסט אָפּער, — האָט זי זיך גענומען צו אים, מיט באַנייטן ברען און לוסט. איצט, האָט זי געביטן דעם טאָן אַף אָפּענעם שפּאָט, אים באַפאַלן, הלמאי — ער ערנערט זיך דאָס אַזויפיל וועגן איר, ער גייט איין, ער טאַנעט — ווען די גרויסע שיינע וועלט, מיט איר פרייד, גענוס, איז אַזוי אָפן פאַר אים, ווי פאַר איר!...

—...וואָס־זשע פאַרלאַנגט ער, דער שיינער שלים־מזל אירער, אַז — זי זאָל זיך נאָך, אפשר, אונטערנעמען לויפן טאַנצן פאַר אים אַווּעקן, הוליען פאַר אים, זיך־אויסברענגען?!... צי גאָר, אים אָננעמען פאַרן האַנט, ווי אַ קינד, ווייזן דעם וועג אהינצו?...

אַזוי איז זי געבליבן שטיין, די הענט — פּאַדבאָקעם; אײנגאַנצן מיטן פּנים צו אים; און, אָפן און פריי געלאַכט, אויסן גאַנצן הארצן. זי איז געווען אויסטערליש־שיין אַצינד, אַן אומצוטריטלעכע רייצנדע פרעכהייט, אַז ער איז גרייט געווען, אַף איר־קוקנדיק, אַ מעשה זיך־אָנטאָן... ער האָט אויסגעראַטשעקט די אויגן; געוואָרן אָנגעגאָסן די צורה מיט צונטער; עס האָט אים פאַרשלאָגן דער אָטעם, אַז ער האָט זיך אויפגעהויבן שווער פון דער אָטאָמאַנע, וואו ער איז, ביז איצט, געזעסן — גענומען גיין אַף איר, מיט צעשטעלטע אומזיכערע טריט, איר אָנכאַפּן, צערייסן אַף שטיקער...

נאָר, זי האָט זיך פלינק אויסגעדרייט; אַ גליטש־געטאָן צו דער טיר פונעם שלאָף־צימער; אריבער די שוועל און זי צוגעשלאָסן.

ער איז, ווידער, געבליבן אַליין; ווי פריער, פאַר איר אָנקום... ער האָט געפּרואווט קומען צו זיך. געמאַכט פינצטער, און זיך צוגעשאַרט צו דער אָטאָמאַנע, וואו ער האָט, שוין איין נאַכט אַזוי, זיך געבראָכן און געמאַטערט, און אומרו...

ער האָט נישט געקאָנט איינשלאָפן, און געקוקט, מיט אָפענע אויגן, אין דער פינצטער, צו י ע נ ע ר טיר, פונעם שלאָף־צימער; זיך אָנגעשטרענגט, פאַרשפּיצט, געפּרואווט אויפכאַפּן אַ שאָרך, דעם מינדסטן גערודער פון איר — טאָמער טוט זי זיך אַ קער דאָרט, אינמיטן שלאָפן, אָפן געלעגער, — האָט דאָס אָפּגעהילכט אין זיינע געהירן, ווי מיט האַמערס; געמאַכט אָפּ׳חלש׳ן זיין האַרץ, פאַר צאַפּל און אַנגסט...

ער איז, שעה׳ן לאַנגע אַזוי, געבליבן פאַרשטאַרט. ביז וואַנעט, דער ווייסער טאָג האָט גענומען שפּאַרן, דורך אַלע שפּאַלטן פון די פענצטער־

לאַדנס; אים איבערגעפאַלן, אַנגעהויבן טרייסלען מיט אים; אים אפּער־גערים פון דער חלשות...

איצט, האָט ער זיך געשעמט ווייזן פאַר איר; טאָמער קומט זי אַרויס פונעם שלאָף־צימער, אַ פרישע, אַן אויסגערוטע, און דערזעט אים, אין דעם הולך... ער האָט זיך, ווי עס איז, צורעכט־געמאַכט; געאײַלט פאַר־לאָזן די שטוב, אַוועק צו דער אַרבעט...

* *

עס זענען געגאַנגען טעג און וואָכן. עס איז געוועזן קלאָר, פון זיך אַליין, אַז — אַזוי, אייביק, קאָן עס נישט דויערן... זי, די פרוי, גרייט עפּעס צו, אין דער פינצטער, אין געהיים; און, עס וועט מוזן אַרויסקומען אַף דער ליכטיקער שײַן... וואָס דערוואַרט אים דאָ פאַר אַ נײַס?! זי גרייט זיך ווידער אויפטרעטן אין אַ טעאַטער־סאַלאָן מיט איר געזאַנג? איז, אַרום דעם מוז עס אײַנגעשטעלט ווערן אַזאַ געהיימניש? און, מע מוז עס גיין דערצו מיט אַזויפיל שטורעם און גערודער?! וואוהין צילט זי מיט דעם אַלעמען? וואָס איז זי אויסן?... פּאַוואָליע, נאָר נישט געכאַפּט. מע וועט זיך מוזן נעמען אין די הענט אַריין... ער זעט דאָך שוין אײַן, אַז מיטן צאַפּלען און שטײַן איבער איר וועט ער גאָרנישט פועל'ן; פאַר־קערט, עס מאַכט איר נאָך ערגער און בייזער, ווי געווען... נישט אַנדערש, אַז — ע מ י צ ע ר ש ט ע ק ט ד אָ ד ע ר י ן ! ער שטייט הינ־טער איר און טרײַבט איר צו די אַלע ווילדע שטיק... ער פאַרשפּרעכט איר, מסתמא — איר אַרויסצופירן אַפן ברייטן שליאַך פון רום; זאָגט איר צו אַלע גליקן; ער שיכור'ט איר אָן. דערנאָך, ווייסט זי אַליין נישט, וואָס ז' טוט; וואו זי איז אין דער וועלט...

...אויב אַזוי — האָט ער, פּלוצים, אַ קלער געטאָן — איז זי דאָך עלנט און אַליין... מענלעך גאָר, אַז — זי שטעקט אין אַ געפאַר, איצ־טערט־אָ; אַ פינצטערע דראָונג לויערט איבער איר קאָפּ — אַ שטורעם! און, ער אַליין, איר אײנציקער פרײַנט, איר מאַן, טוט גאָרנישט דערצו; ער שטייט, מיט פאַרלייגטע הענט, גיט זיך אָפּ מיט האַרצקלעמעניש, נעבטיקע טעג; ווײַס אפילו נישט רעכט, וואו זי, זײַן אומגליקלעכע פרוי, געפינט זיך!...

דער לעצטער געדאַנק האָט אים אויפגעשטורעמט ביז צום גרונט. ער איז אויפגעשפּרונגען פון דער אַטאַמאַנע — וואו ער איז, איצט, פונקט ווי אַלע אָוונט, אין דער צייט, געזעסן און געוואַרט אַף איר — זיך־דער־לאַנגט אַ פּראַסק אין שטערן. עס האָט געשײַנט — ער נעמט קומען צו זיך.

...נאָר, נישט בליפּען מער... ער האָט זיך געבראַכט אין קאָרעקטן

אויסזעען; צורעכט-געמאכט די שטוב, און אראפּ איינקויפן עפּעס צום אָוונט־ברויט. ער האָט אַלץ צעשטעלט אפן טיש; און, דערביי, זיך-באַ־מיט, עס זאָל אויסזעען אזוי פּינקטלעך, גענוי ווי זי וואָלט עס געטאָן...

לאַנג האָט ער, אין יענעם אָוונט גראָד, נישט געדאַרפט אַף איר וואַרטן. זי איז אריינגעפאַלן, דאָס מאָל, (ווי אין אַ מעשה־ביכל, אַל־ציינס) — פריער ווי תמיד; אַן אויפגעשויבערטע, צע'חוש'טע; און, גע־בליבן שטיין, פאר'חידוש'ט, פארן אַנבליק פון דער שטוב; פאַר זיין רו־איקן אויסזעען... ער האָט איר איינגעלאַדן צום טיש, העפלעך און מיט ווערדע, אַז — זי האָט נישט דערוועגט זיך־אָפּצוזאָגן. ערשט, אין אַ היב־שער ווײַלע דערנאָך — האָט ער גענומען רעדן פאַר איר, געלאַסן און קלאָר.

—...ער איז איר מאַן; און, ער מוז וויסן אַלץ בנוגע איר. זאָל זי זען, אַצינד: ער שרייט נישט. ער האָט רואיק אַלץ דורכגעטראַכט, און געקומען צום שלום, אַז — אַזוי ווייטער קען עס נישט גיין... זי ווייסט, וויאַזוי ער ליבט איר. ער איז נאָכגעקומען, ביז אַצינד, אַלע אירע פאַר־לאַנגען; זיין לעבן פאַר איר געשטערקט, פאַר איר קאַריערע און צו־קונפט. — אַז, עס איז נאָר געווען אַ שיין פון האָפענונג; די מינדסטע אויסזיכט אַף דערפאָלג... אָבער, אַצינד — אירע נייע גענג שרעקן אים; רויבן זיין רו. ער האָט גאָר מורא צו טראַכטן, וואוהין עס פירט דאָס אַלץ. ער ווייסט דאָך וועגן איר אזוי ווייניק, אָדער כמעט גאָרנישט, פאַר דער לעצטער צייט... וואו ווערט זי דאָס פארפאַלן, גאַנצע טעג, און אָוונטן, און מיט וועמען?!... ער האָט זאָרג פאַר איר. ער ציטערט איבער איר לעבן, צי — זי מוז זיך נישט געפינען, ערגעץ, אין גרויס געפאַר; אַז — די הילף זאָל נאָך נישט אָנקומען, חלילה, צו שפּעט!... וואָס שווייגט זי?

—דעם אמת זאָג, בעסט'ע, מיט וועמען דו גייסט! — ענטפער!!!

ער איז, מיטיינמאָל, געבליבן פאַרענדערט. ער איז אויפגעשפּרונגען, ווי אַ טיגער, פונעם טיש; גענומען ברעכן אַלץ, וואָס עס איז אים נאָר געקומען צו דער האַנט. באַלד, האָט ער אָפּגעהאַקט, זיך ווילד פאַר־נאַנדערגעלאַכט...

—...אָ, זאָל זי נאָר נישט האָבן קיין זאָרג... דעם אמת וועט ער אויסגעפינען, אים אויסגראָבן פון אונטער דער ערד!... ער וועט אים גאָר־נישט טאָן, חלילה, יענעם, דעם גליקלעכן, וואָס האָט איר אויסגעכאַפּט בא אים. אָ, אדרבה, פאַרקערט. ער וועט אים נאָך גוט צוואווינטשן, זאָל ער אויך וויסן פון אַ ביסעלע גליק — אַזוי ווי ער אַליין, ביז אַצינד... נאָר, צוואָוואָס דאָס באַהאַלטן זיך מיט גליק, ווייל ער וויסן. גיין זוכן אַ נעסט, אַז — די שטוב איז דאָך פריי פאַר זיי, ער טרעט זי זיי אָפּ?! —

ער אַליין, וועט זוכן אין ערגעץ אַנדערש אַ ביסל רו — אַ גוטע נאַכט, ווייב!

און, מאַכנדיק אַזאַ קאָמישן רעווערענס פאַרן דערשטוינטן בליק פון זיין פרוי, האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר, איז אַוועק.

ערשט, אַז ער איז שוין געווען אין דרויסן, אָפּגעלאָפן אַ שטיקל וועגס, — האָט ער זיך פּלוצים פאַרהאַלטן, געבליבן שטיין. ער איז באַנייס פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ ווילדן צאָרן; זיך גענומען באַפאַלן מיט די ערגסטע ווערטער...

—...וואוהין לויפסטו, באַלוואַן, אין אַלדע שווארצע יאָר?... — ער וועט יענעם אָפּטאָן, דעם אויסוואורף, מיט זיין אַנטלויפן?! — אידיאָט!

— האָט ער זיך אַליין אַ כראַקע-געטאָן אין צורה, מיט פאַראַכטונג — דעם אמת מוז ער דערגיין, וועגן איר און אים! דאָס לעבן געבן, נאָר — ע ר, ו ו ע ט, ז י י, ב י י ד ן, א ו י ס ר אָ ט ן ! ! —

ער האָט זיך האַסטיק אָפּגעריסן פון אָרט, געלאָזן אין פאָרויס...

ערשט, האָט ער שוין געוואוסט, וואוהין ער גייט. ער איז אַוועק אין אַ האָטעל, וואו ער וועט פאַרבלייבן אַזוי לאַנג, ווי נויטיק. פון דאַנען, וועט ער זיי נאָכפאָרשן, באַטאָג, באַנאַכט. אָ, ער וועט זיי נישט אויסלאָזן פון אויג, נישט רוען מער...

—...ע ר, ו ו ע ט, ז י י, פ א ר ט י ל י ק ן, ביידן — און, ער וועט האָבן אָפּגערעכנט...

* *

*

רעזקין האָט אים אויסגעהערט, די גאַנצע צייט, נישט איבערגעשלאָגן. ביז וואַנען, יענער, דער פרעמדער, האָט אָפּגעהאַקט; געבליבן זיצן פאַר אים, אַ שווער־סאָפּענדיקער — אַקוראַט, ווי די צעפּאַרעטע נאַכט ארום; און, מיט דער גאַנצער בלוטנדער וואונד אים־אַנטקעגן...

ער האָט שווער געזוכט דאָס וואָרט, רעזקין; ער זאָל אריינפאַלן יענעם אין טאָן, דעם ווספּאַלאָשעטן פרעמדן; וואָס האָט אַף אים אָנגעטראָגן, אויס דער שטיקנדער נאַכט אַפער — גרייט אַף עפּעס אויסטערלישעס אָפּצוטאָן, אויב, מע האָמעוועט אים נישט אין צייט..

—...איך קאָן אייער פרוי... יענע, פון וועלכער איר רעדט; איר זוכט איר ארום, יאָגט זיך נאָך איר, איר בענקט. די פרוי, די גוטע און טרייע; די, וועלכע וואַרעמט אָן די היים; פילט אָן אייער האַרץ מיט גליקזעליקייט און רו... זי קומט צו אייך, אַזוי ווי אַ טרוים פון וואונדערלאַנד. זי רעדט צו אייך זיס. זי שמייכלט... פון מיר האָסטו געחלום'ט, בחור, אַז דו האָסט זיך פאַרלייענט אין דיינע אינגלשע ביכער פון הימל,

נאַכט און ווייב. איך בין דאָס יענע פרוי, מיט איר רייץ און צויבער. מיין קאָפּ האָר איז שווארצער נאָך, ווי יענע סאַמעטענע נאַכט. מיינע בליקן לויכטן, ווי יענע שטערן אין הימל... איצט, אַז דו האָסט מיך אויסגעפונען, מיך דערגרייכט — ווארף-זשע אַוועק יענע ביכער דיינע, אינגלשע הלומות; יענע אומרואיקע געפערלעכע זוכענישן; וואָס, זיי רויבן די רו און דאָס גליק... א י ך בין דאָס דיין חלום אף דער וואָר — געדענק. איך ברענג צו דיר, פון ווי-ווייט, דיין באַגערטע, דיין באַשערטע רו און גליק; אייביקע ליבע און טרייהייט. אָרעמער, וואָס ווינטשסטו דען מער?...

— אַז זי באַהערשט דיך מיט איר גליק, — זי גיסט אָן אַלע לאָגלען פון דיין הארץ מיט איר זעליקער רו, — זי פארקייקלעכט דיך, אַזוי ווי די שטייסט און גייסט, פון אויבן ביז אַראָפּ, אַ מידער, אַ לעבלאָזער, מיט אנטשלעפטע געהירן, אין ווארעמען לעבלעכן קוואטש פון טרייהייט און וואָר..., — אַז דאָס לעבן ארום דיר — איין גרויסער באַנאַלער ליגן — ווערגט ביז איבל, נישט גוטקייט, — זאָג, וואָס גייסטו טאָן?!...

—...אָבער, איך האָב שיר נישט פארגעסן, אַז איר גייט זוכן דעם אמת. אַ גאַנצן, אַן אומבאַפלעקטן אמת באַגערט איר. איר ווילט נישט אַנדערש. אָ, איר זענט איינגעשפּארט...

רעזקין האָט, מיטיינמאָל, געביטן דעם טאָן, דעם אויסזעען. עס איז אים געווען נישט צו דערקענען. ער איז ווי באַהערשט געוואָרן פון אַ הייטערקייט, אַ חוזק. אַזוי ווי צוריקגעקערט צו זיך, אריין אין דער כלי; מער נישט געבלאָנזשעט נאָכן וואָרט, אַן אויסדרוק. איצט, איז דער פלייץ פון זיין טיראַדע אַוועק, אין פולער געשפּאַנטקייט. נאָר, צייטנווייז, האָט עס אויסגעזען, אַז — ער נעמט גאָר יענעם נישט אינגאַנצן אין באַטראַכט מער; אַז — ער רעדט דאָס גלייך אין דער נאַכט אריין...

—...איר ווייסט, איר זענט אַן אויסטערלישער טיפּ. אַ מאַן, וועלכער יאָגט זיך נאָכן אמת. אַ זעלכס האָט די ווערט צו באַגריסן, דעם מוט און אויסדויער... פון וואָס-זשע ווען מיר אָנהויבן, מיין ליבער, אַז נישט פון פאַסירונגען, אַ זעלבע קליינע לוסטיקע איבערלעבונגען; אַלציינס, צי באַ מיר, באַ אייך, באַ אַ דריטן; נ אָ ר — נישט טראַגיש גענומען די זאַך; מאָלט אייך, עס לוינט נישט...

— דער אמת, ווען אַ פרוי חלש'ט... זיי זענען געווען צוויי קינדער, שוועסטער-און-ברודער, באַ רייכע טאַטע-מאַמע. ביידן האָט גאָרנישט געפעלט באַ די עלטערן. נאָר, ווען זי האָט חתונה-געהאַט, איז אַוועק נישט גוט; געמוזט אָנקומען, אַלע מאָל, צום טאַטנס הילף... באַלד, איז דער זון אריין אין דער מערכה; איבערגענומען אַלע, דעם פאָטערס עסקים;

מער נישט געוואָלט הערן פון הילף דער שוועסטער: „—דיך אַרויסגע־
פירט פאַר לייטן — גענוג!״ —

— עס איז געקומען דער רוגז. טאַטע־מאַמע האָבן זיך געקרומט און געשוויגן; גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן קעגן אייגענעם זון... אַז די צייט איז געגאַנגען, און ער אויך, דער זון, האָט זיך גענומען גרייטן צו ווערן אַליין, — האָט ער געלאָזט אויפבויען פאַר זיך, באַם פאָטער אין הויף, אַ שטיבל — אַ שיינדל; צו שפּיגלען זיך אין דעם. געענדיקט דאָס בויען, האָט ער זיך באַדאַרפט נעמען פאַר דער אויסשטאַטונג, ווי געהעריק... איבער נאַכט איז דאָס געשען. אַז ער איז געקומען, אײַן אינדערפרי, אַהינצו, איז שוין זיין שטיבל געווען באַוואוינט פון דער שוועסטער... עס איז נאָך נישט געווען קיין אָרדענונג, אמת, אין די צימערן; אומעטום — אָנגעוואָרפן, אָנגעטראָגן. מע האָט, אָבער, נישט געקאָנט האָבן קיין פאָריבל אף איר דערפאַר; ווייל, עס האָט איר קיין צייט נישט געסטייעט... ער, דער ברודער, איז געוואָרן ווילד; זיך־געוואָרפן מיט די פויסטן. די קליינע קינדער, דער שוועסטערס, האָבן אויסגעפּלאַצט מיט אַ געוויין. איר אַליין, דער שוועסטער, איז אונטערגעגאַנגען דער מיחוש; און, זי איז, מיטיינמאָל, איינגעפאַלן, געבליבן אין חלשות...

— געקומען צולויפן טאַטע־מאַמע, נישט־טויט־נישט־לעבעדיק. דער זון כאַפּט געזידלט...

„— אַן אייגענער שוועסטער?!״ — שרייט דער טאַטע.

„— ווי איז צו מיין קינד!״ — וויינט די מאַמע.

דער יונג, דער זון, שטייט, אַ צערודערטער. אים איז שוין נישט ניחא, באַלד, דאָס אייגענע לעבן. נאָר, דער אַלטער — אַ קלוגער איד געווען — קומט גלייך צו זיך, און ער גיט אַ פרעג:

„— וואָס איז איר עפּעס איינגעפאַלן איינצופאַלן?!...״

— עס איז, אָבער, קענטיק, ווי אים טוט הנאה די זאַך... מע פּרואווט איר מונטערן, דער גע׳חלש׳טער; עס גייט נישט. מע רייבט אַהין, מע קוועטשט — איינמאָל ניין! — ביז, עס נעמט זיך אַריינמישן דער איידעם... אַזוי און אַזוי. ער, ברויכט אויך צו האָבן אַן אייגן שטיבל...

„— וואָס-זשע, זי איז, חלילה, באַ אייך קיין קינד נישט?!...״ —

— זי אַליין, חלש׳ט. אָ, זי איז פאַרביי... מע פּרואווט זיך דינגען. דער זון קומט צו זיך. ער נעמט זיך וואַיעווען... ער וועט דאָ אַלעמען פּלעטן די קעפּ!... ער מוז איר אָפּמונטערן, שוין, די מינוט!... דער איידעם פאַרשטעלט אים דעם וועג; מיט אַ פינצטער פּנים — ער זאָל זיך נישט דערוועגן!...

— ביז, מע האָט זיך פאַרגלייכט. דערביי, האָט זי געעפנט די אויגן...

וואָס ווייטער, אַלץ קענטיקער איז געוואָרן רעזקינס חוזק איבער דער גאַנצער זאַך... באַלד, האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָ גייט ער שניידן פּאַסן פון זיך אַליין און, מעגלעך, אַז פ ו ן נ אָ ך ע מ י צ ן, וועמען מע זעט נישט דאָ בחוש, אָבער — ער איז דאָך דאָ דאַנעבן, אומעטום, מע קאָן זיך גאָרנישט אָפּטרייבן... ער איז געוואָרן גראָב, רעזקין, ביז ברוטאַלן ציניזם, ביז שווידער, איצט, אַז ער האָט באַניים אָנגעהויבן...

—...דער אמת, ווען אַ פרוי דענקט; זי ווערט סאָציאַל-געשטימט; אַ, זי נעמט זיך אָריענטירן אין אונזערע דעליקאַטע זאַכן...

—...זיי, זענען געווען ביידע העכסט-אינטעליגענט; זיך-געקאָנט, נאָך פון דער שול־באַנק; שפּעטער, פון אוניווערזיטעט. ער, אַ מעדיקער; זי, זיין געהילף... אַזויפיל יאָרן דורכגעגאַנגען צוזאַמען. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט שיידן מער. זיי האָבן זיך געליבט. געשיינט צו זיין אַ גליקלעכע פּאָר.

— אַז אַלעם איז שוין געווען קלאָר. די זאַך — אויסגעשפּראָכן, אָנגערופן באַם נאָמען... איצט, האָבן זיי שוין געקאָנט פאַרבלייבן אַזוי לאַנג צוזאַמען, אומגעשטערט, וויפל זייער האַרץ האָט נאָר געגלוסט; ארויספאָרן אין פאַרשיידענע פּלעצער, שמועסן, פאַרברענגען... ער איז געווען צופרידן, דער דאָקטאָר, אַז ער האָט ארויסגעזען איר אינטערעס פאַר אַלדאָס מאָדערנע און לעבעדיקע פון ארום, איר אייפער און קוריאָזיטעט; נאָר, דער עיקר — איר שטעלן אף זיך; איר ווילן בלייבן געֿרעכט מיט זיך; עס זאָל הייסן, אַז דאָס, וואָס זי נעמט שוין יאָ אָן, נאָך דער געהעריקער איבערלייגונג — איז דאָס אַזוי פריי און זעלבסטשטענדיק, פונקט ווי זי אַליין איז עס — לגבי זיך און יענעם... מיט איין וואָרט: זי האָט קאַטעגאָריש געפאָדערט, צו נעמען אין באַטראַכט און רעספּעקטירן איר פּסיכאָלאָגיע, אַלס פרוי...

— איז, אָט דאָס, גראָדע, איז אים, דעם דאָקטאָר, אין איר געפעלן, איר דראַנג נאָך אומאָפּהענגיקייט, אין וואָרט און אין טאַט; ווייל — פריי דאַרף מען זיין, גענצלעך, אַבסאָלוט! — אַזוי האָט ער אַליין געדונערט און איר שטורמיש אַפּלאָדירט... ער האָט, איצט, געהאַלטן אין רעכטן ברען פון דער ליבע, און געשיינט פאַר גליק... אַזוי־וי עס פירט זיך באַ יונגע מענטשן, האָט ער אויך געשריבן פּאָעזיען, דער דאָקטאָר, און יענע צאַרטע לידער איר געווידמעט... ער האָט, אין אַלגעמיין, זיך אַליין באַטראַכט פאַר אַ קינסטלער. פאַר פריינט און באַקאַנטע האָט ער נעפּלעגט אַגיטירן, פלאַם-פייערדיק, (הגם, נישט אָן דער געהעריקער דאָזע באַשיידנקייט), אַז, ער, אייגנטלעך, זוכט אין דער פרוי, און עס לאָקט אים בלויז ד י ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע ז ייט א י ה ע ... „נישט־

מער — און דאָ האָבן שוין בייזע צינגער צוגעגיבן פון זיך — אַזויווי ער כאַפּט זיך נישט באַלד — אַ וו ע ל כ ע... זוכט ער שוין אויך, ער נישטערט (אָן זיין שולד דערביי) אין אַלע זייטן...״ יאָ, האָט ער איצט נאָר געצילט צו בלייבן מיט איר, וואָס לענגער, אינטים, אינגאַנצן אַליין... ער האָט איר געזען, אין זיין אילוזיע, גרויס און דערהויבן; און זי, די אילוזיע, האָט נישט אויפגעהערט צו שטייגן, פאַר אים אין די אויגן, אין זיין געמיט... אָט, אַ פּנים, ער איז נאָך געווען צו־יונג, דער דאָקטער, זיך צו גיבן רעכענונג, וויאַזוי יענע ציטערדיקע אילוזיע — ז יי ן א יי ג ע־נ ע ר א י נ י ג ס ט ע ר ט ר ו י ם — ש ל אָ ג ט א י ן א י ם כ ס ד ר — ווי דער האַרץ־קלאַפּ, דער אָטעם, אין אומרו, אין זוכן... ערשט — די ליבע, אַ ז ו י ו ו י אַ ה אַ ר צ ש ל אַ ג, איבערפאַלט אים מיט י ע נ ע ם אָ ט ע ם - פ אַ ר ש ט אַ ר ק ט ן א י ל ו ז י ע פ י ב ע ר, וואָס לאָזט נישט גיין מער, פאַרהאַלט אויף אַן אָרט... אָ, ער איז נאָך געווען נאַאיוו־געגנוג, יענער פריינט, נישט צו וויסן אַליין פון דער ג ר ו י ס ע ר פ י ק צ י ע — אַ י נ ט י מ י ט ע ט פ אַ ר ד ע ם מ אַ ן ־ א ו ן ־ פ ר ו י, אַז זיי בלייבן שוין אַליין, אָפּגעשלאָסן פון דער וועלט — אַ פּ ג ע ש ל אָ ס ע נ ע פ ו ן א יי נ אַ נ ד ע ר, ווי צוויי האַרטנעקיקע פרעמדע; זי, מיט איר אילוזיע— פון אים; ער, מיט זיינער — פון איר... אַזוי, טאַנצן זיי אום, יענע ווייטע רייצנדע אי־לוזיעס, צווישן זיי ביידן, ווי צוויי שד'לעך אינדערמיט — אַ בלענדונג פאַרן אויג, פאַרן האַרץ, פאַרן אייגענעם בלוט...

— ערשט, ער האָט זיך געכאַפּט, דער דאָקטער, אַז זי שטימט נישט מיט אים אין עיקר־זאַכן, אין אידייען. זי האָט אים גענומען פיר־וואַרפן, גאַנץ־פּלוצים און שאַרף, זיין קאָנסערוואַטיוון צוגאַנג צום לעבן, צו די מאָדערנע אינסטיטוציעס און, אין דעם כלל גענומען, אויך צו דער הייראַט... דאַקעגן, איז איר קוק אויף די אַלע זאַכן — גענצלעך אַ פרייער, אַן אומאָפּהענגיקער; אַז מע וויל זאָגן — אַפילו אַ סאָציאַליסטישער!...

— דאָ, איז שוין דער דאָקטער געבליבן דערשטוינט... ווי קומען צו איר אַזעלכע רייד?!... אויף וויפל ער האָט איר געקאָנט; אַלע יאָרן — צוזאַמען, — האָט ער קיינמאָל אַזוינס נישט באַמערקט בא איר; נישט, אין איר גאַנג מיט חברים; נישט, זי זאָל האָבן פירגעבראַכט פאַר די ליפּן אַפילו איר שטרעבן נאָך יענע קרייזן... סיידן... און, דער דאָקטער איז געבליבן זיצן, אַ פאַרקלערטער...

— אָ, ער איז ווייט נישט געווען אַזוי נאַאיוו, ווי מע וואָלט געקאָנט פון אים קלערן. ער האָט זיך גלייך גענומען אין די הענט אריין, באַשלאָ־סן צו ווערן טעטיק. אַ נישטער־געטאָן אהער, אהין... וואָס, מיינט איר, האָט זיך אַרויסגעשטעלט? — נעמלעך, זייער־אינטערעסאַנטס. צווישן זיי ביידן, דעם דאָקטער און יענעם מיידל, איז געליגן אויסגעשפּרייט

א טיפער אידעאָלאָגישער תהום. אין דער צייט, וואָס ער, דער דאָק-טער, איז געבליבן אַן ערנסט-איבערצייגטער קאָנסערוואַטאָר, — האָט זי, דאָס מיידל, אונטערדעסן, זיך שטאַרק אונטערגעליבט מיט אַ שיינעם בחור, אַ סאָציאַליסט...

— די אויפדעקונג האָט אים אויפגעטרייסלט. דעם דאָקטער, גע־בראַכט פון זיך. ער האָט איר שוין געהאַלטן איינגעבאַקן אין האַרצן, דער געליבטער, באַטראַכט פאַר זיינער... עס האָט אים אונטערגעצונדן. וואָס באַהאַלט זי עס נאָך פון אים? פאַר וועמען האַלט זי אים, פאַר אַ פערד?

— וואָס מער ער האָט געטראַכט אין דעם, אַלץ צעקאָכטער איז ער געבליבן. זיך געשפּירט פאַרשעמט, דערנידעריקט. באַשלאָסן, איר דאָס צו וואַרפן גלייך אין צורה, באַלד, בא דער ערשטער באַגעגעניש...

— ער איז שוין, מיט אַן אמת, נישט פאַראַנטוואָרטלעך מער פאַר דעם, וואָס ער גייט דאָ טאָן. ער האָט איר אַלץ אַרויסגעזאָגט און געפּאָ־דערט אַ דערקלערונג! נאָר, זי, קענטיק, האָט זיך נישט פאַרלוירן און, אויסגעבראָכן אין אַ געוויין... אָ, זי האָט, אָבער, שוין פונלאַנג געפילט, אַז ער, דער גרויסער מאַן, דער אַרצט, ווייסט נישט, ווי צו שעצן, וועלן פאַרשטיין איר צאַרטע איידעלע פּסיכאָלאָגיע פון אַ פרוי, וואָס גייט אים אַנפאַרטרויען, מיט פאַרמאַכטע אויגן, איר יונג לעבן, איר האַרץ... און זי, אין איר אומשולד, איר קינדישער נאַאיווקייט, האָט זיך געלאָזן פאַר־פירן, ביז איצט, פון זיינע זיסע רייד פון ליבע, אַז ער פאַרגעטערט איר...

— אָבער, ער האָט איר גראָב איבערגעהאַקט אינדערמיט; טרוקן, סאַרקאַסטיש געלאַכט... אַף צו פאַרשטיין איר פּסיכאָלאָגיע, מוז מען נישט זיין קיין גרויסער מאַן. עס איז גענוג צו זיין אַן אָקס, אַ בהמה, אַן אַנימאַל — אָט דאָס. וואָס ער אַליין איז געווען לעבן איר, די גאַנצע צייט; אָבער, ער איז דאָס נישט מער, צום גליק. און, ווען זי זוכט פאַר־געטערונג איז — דער וועג קיין אינדיע אָפן און פריי פאַר יעדן!...(1)

— ער איז נאָך, אַ צייט דערנאָך, אומגעגאַן — צערודערט, בייז. נאָר, פּריינט האָבן אים איינגענומען, מיט גוטן. אויפגעקלערט, וויאַזוי ער, אַ פרייער גייסט, ברויכט זיך צו האַלטן אינגאַנצן אָן אַ זייט פון אַלץ. געפּרואווט אויפוויקלען פאַר אים די גרויסע דראַמע פון מאָדערנעם „טרייען" צוזאַמענלעבן מיט דער פרוי. וואָס איז, אין איר גרונט, דורכויס אַנטיסאָציאַל...

—...דער מאָדערנער סאָציאַלער מאַן, דער מידער מאַן פון דער גע-זעלשאַפט, — ער רופט דער פרוי אין וואַלד, צו אַנטשפּאַנונג פון דער סאָציאַלער תפיסה. נאָר, זי, די לוסטיקע אַנטיסאָציאַלע באַשעפעניש,

1) רעזקין מוז דאָ מיינען דאָס, וואָס אין אינדיע פאַרהייליקט מען אַ קו. (דער מחבר.)

ציט צוריק דעם מאן צו דער סאָציאַלער היים, און צום שטייגער — גראַ-
דע אַהין, פונוואַנען ער וויל אַנטלויפן, זיך־אויסטאָן, באַפרייען... דער
מידער סאָציאַלער מאַן פון שטורעם און קאַמף, ער בענקט צו איר, דער
אַנטיסאָציאַלער פרוי, ווי נאָכן רואיקן ברעג פון אַפּרו... אָבער, זי, די
פרוי, האָט מורא  א י ם  צו זעען פריי, אויסגעלייזט. זי טרויעט נישט
מער זיין קראַפט. זי טרייבט אים צוריק אין דער סאָציאַלער תפיסה, דער
זיסער און נודנער, וועלכע זי גייט פאַר אים אויפבויען. זי אַליין גייט
פאַר אים ווערן...

—...עס הויבט אָן דער גערוואַנגל. דערוואַכט באַ ביידן דער חשד,
דער האַס. ער, דער סאָציאַלער מאַן, וויל זעען דער פרוי אימער פאַר־
בלייבן, וואו זי איז, אַנטיסאָציאַל־אין־זיך. וועט ער קומען צו איר, אַף
אַ ווייל, אַף אַפּרו, געניס, און ווידערדערוואַכונג צו יוגנטלעכן טרוים,
צו קינדערשער וויזיע, צו פאַרגעסונג. ער וועט קומען, אַוועקגיין, און,
ווידעראַמאָל, צו איר קומען, אין דער שעה פון בענקשאַפט... אָבער, צו
זיך, אין זיין אייגענער סאָציאַלער וועלט פון אַרבעט און קאַמף, לאָזט
ער איר נישט צו. ער, וויל איר נישט זעען דאָרט, וואו ער גייט אום,
אַליינמעכטיק און שטאָלץ, אין זיין אינטעלעקטועלן באַשאַף. ער טרויעט
איר נישט אפילו — איבערטרעטן די שוועל אַהינצו. וואו, מיט איר בלויזן
אָטעם־צוג, מאַכט זי געליימט און געפּלעפּט זיין גאַנצע סאָציאַלע ווי-
זיע, אָ, זיין מענערישן שוואונג און טרוים. זי צעשטערט אַלץ, לייזט עס
אויף — מיט איר אויפשיינען דאָ, אַזוי תמימות'דיק־אומבאַהאָלפן, ווי
אַ קינד; וואו, איר איטלעכער באַריר לאָזט נאָך זיך פאַרלענדונג... אָ,
זיין הייליקער טעמפּל פון גייסט, די גאָב פאַר די איינזאַמע און שטאַרקע,
בלייבט פאַר איר אָפּגעשלאָסן אַף תמיד...

—...נאָר, זי, די קליינע זיסע פרוי, די שוואַכע שמייכלענדע נידער־
טרעכטיקייט, בלייבט נישט פאַרווירט — אַ האָר. אָ, זי שמייכלט אַלץ,
און טרוימט איר טרוים... אויך זי בלייבט פאַריגלט פאַר אים; אַף זיבן
שלעסער אָפּגעשלאָסן. אַהין, אין איר טונקעלער וועלט, איר וויזיע אין
געהיימע בלענדנדע שלייערן, לאָזט זי אים נישט צו, אַז ער קומט —
דערשעפּט, ער איז פאַרבענקט, געשפּאַנט... ווייל, אויך איר אָרעם און
צאַרט האַרץ איז פול מיט חשד אַף זיין געהיימער פרעמדער וועלט; אוואו
ער שליסט זיך אָפּ פאַר איר; און פונוואַנען עס קומט די דראָונג — אָ,
זי שפּירט עס — אַף איר גאַנצן לעבן און זיין... נישט, זי וויל דאָס מער,
זי קאָן דאָס דערלאָזן; נישט, זי באַגערט גאָר אַליין אַריבערטרעטן די
שוועל אַהינצו...  א י ם  באַדאַרף זי, אַזוי ווי ער גייט און שטייט פאַר
איר — אַליין, אָן זיינע אינגלשע חלומות, געלאָזן ווייט אַהינטער זיך...
אָט אַזוי וויל זי אים, איר שיינעם זיסן יונג; ווי זי האָט געטרוימט פון
אים; אים געזען, אין אירע איידעלע פאַרבענקטע נעכט; אין די פיין־זי-

סע טעג, וואָס זענען צו נעכט געבליבן; אין איר ראַשיקער וויזיע; ביז וואַנען, זי האָט אים אויסגעבענקט, אויסגעטרוימט, זי האָט אים אויסגעכשופ'ט פאַר זיך — אַזוי, זאָל ער פאַרבלייבן. זיך נישט רירן פון אָרט, אָן איר. פאַרגעסן אָן אַלץ, וואָס געווען. ער געדענקט מער גאָרנישט. ער באַגערט נישט מער; ווייסט נישט גאָרנישט — אויסער איר. זי, די האַרנטע אַף זיין לעבן און זיין, פון אַצינד און תמיד. וועט אים פירן נאָך זיך; און, ער וועט מיטגיין... אָ, זי וועט זיין מילד צו אים... וועט אַליין פאַרצערן פון געדעכעניש דאָס געוועזענע פון אַמאָל; איר אַנטיסאָציאַלע קינדישע וויזיע פון פרייהייט, און זאָרגלאָז מיידלש געזאַנג... זיי וועלן באַנאַנד, ערשט, אויפבויען אַ נייע סאָציאַלע וועלט, אַ היים. דאָרט, וועלן זיי פאַרבלייבן צוזאַמען. מער נישט צעשיידט זיין. אָ, דאָרט וועט זיין ליכטיק און שיין; וואו זי וועט אים איר ליבע שענקען, איר וועלט, איר לעבן... טייערער, וואָס ווינטשסטו דען מער?!...

—...ערשט, איז דער געראַנגל גריילעך צווישן צוויי וועלטן, צוויי לעבנס, צוויי וויזיעס. ביידע, פאַרשפאַרט אין אַ תפיסה, אַף אַ לעבן לאַנג, אָן לופט, אָן ליכט. בענקען — איטלעכער, פאַר זיך, אין געהיים, פאַרשאַרפט, און מיט פיבער — צו דער אייגענער וועלט פון אַמאָל. טרוימען פון באַפרייונג, אויסלייזונג; צו ווידער דערוואַכן, אָ, גאָט, כאָטש איינמאָל נאָך אונטער די הימלען פון יוגנט; דאָרט אָפּאָטעמען, שפירן — איך בין, ווען, אַמאָל, געווען פריי!...

— דער דאָקטער, האָט דאָס אַלצדינג אויסגעהערט מיט קאָפּ, צי מיט האַרץ; זיך געלאָזן, גראַדע, רעדן. אָ, ער האָט זיך געהאַלטן אין באַרויִקן... איינער, פון די פריינט; אַ וודאי, אַ לץ; האָט אים, אַצינד, געקלאַפּט איבערן פּלייצע:

„—נישט'קשה, דאָקטער. עס האָט געלוינט... ווער נאָך, ווי איר, מעדיקער, אַרבעט מעשים אַזויפיל פון היגיענע... ווייסט מען, אַז, פון פאַרהיטונג־וועגן, גייט מען אין באָד — אַליין. און אַזוי, ווען זי וואָלט אייך געפירט אַהין, איז גלייכער?!...”

רעזקין האָט שוין איצט געלאַכט הויך, אַפן קול. ער האָט זיך אויפגעשטעלט; אויסגעגלייכט די איינגעשטאַנענע גלידער; געפּרואווט אָננעמען דעם אומבאַקאַנטן פאַרן אָרעם, אַ גיי־טאָן, צוזאַמען, איבערן דאַך... נאָר, יענער האָט, ערשט, אינגאַנצן געציטערט.

— זאָגט — האָט ער קוים אַרויסגערעדט, מיט תחנונים — איז דאָס אמת אַלץ, וואָס איר דערציילט?! ווער זענט איר?

— רופט מיך רעזקין, אַ שרייבער. ווען איך דערצייל, איז דאָס אמת... אָבער, איר ווייסט? איר זענט אַ גליקלעכער מענטש... איר האָט באַגערט דעם אמת — אָט, האָט איר אים... וואָס־זשע, עס איז נאָך ווינ־

ציק פאר אייך?!... אייער לעבן איז צעשטורעמט; אזוי ווייט פון קוואמש און טרייהייט, פון יענעם באנאלן איבערגעגעבענעם אמת, וואס איז איין גרויסער שרייענדיקער עקל, ווי אן אייגעשטאנענער עיפוש אלציינס — און, איר זענט נאך נישט צופרידן?! — איר פיבערט, אין דינאמיק, אין אומרו, באטאג, באנאכט; אייער לעבן איז איין שטיק לעבעדיק געזאנג, א לויטער גינגאלדן ליד צו באנייונג, צום אמת, געראנגל, צום שטענדיקן פלאטער, און — איר זינדיקט נאך?!... — וואס-זשע פאר אן אמת, פארט, ווינטשט איר, מיין פריינט? — אט, יענעם נאקעטן ברוטאלן אמת, אפשר, פון א יענער־זייט־טיר-און־טויער?... מאלט אייך — איר האט אים שוין אנטדעקט, און זיי ביידן אויסגעראטן, אומגעבראכט, פאר-טיליקט — אבער, ד ו, מיט וואס בלייבסטו, גליקלעכער מענטש, מ י ט ן א מ ת ? ! און ער, דער בלוטיקער טייוול, וועט עס דארפן אויספילן, פון אצינד און ווייטער, דיינע פינצטערע טעג, העלע גהנום-נעכט, דיין לעבן צום דערטראגן, דיין עלנט הארץ דערוואראמען — ד י ר ק י נ ד ע ר ב ר ע נ ג ע ן ? !... וואס־זשע שטייסטו נאך, אף וואס ווארטסטו, אומגליקלעכער? — אהיים־גיי, צוריק! —

און, ער האט אים א גלעט-געטאן, רעזקין, איבערן קאפ, אזויווי מע גלעט אן ארעם פארבלאנזשעט קינד; אים ווארעם געקלאפט אין פלייצע, געלאזן אים קומען צו זיך...

— איר זענט — איינער א גליקלעכער, מענטש... אזא, ווי אייער פרוי, לאזט אייך זיין לעבן זיך. זי דולדעט אייך. דערלויבט אייך, איר צו ליבן... צי זי אליין ליבט אייך?... א, קינד איינער! — וואסער דערני־דערונג פאר איר!... די פארשוועכונג פון איר ווערדע... זי, אליין מוז זי בלייבן, א דערהויבענע, אומבארירלעכע; לאזן שטראלן ארום — איר קרייז, איר גאלדענע קרוין. און, ווער עס האט גליק, ווערט פון איר בא-שטראלט... א, עס מוז זיין א גרייליך גליק — פון איר, אזא פרוי, א לעבן-לאנג, געפייניקט זיין; נישט אויפהערן בענקען צו איר וואונדער־לייב; בלייבן פונוויטנס, פון איר פנים שטוילן די פרייד, איר אויפשיי-נען, איר שמייכל...

יענער, דער פרעמדער, איז געשטאנען איצט, איינגאנצן א צעשרויפ־טער, א שווער־באלאדענער; קענטיק, פול מיט חרטה, מיט געבעט, מיט געוויין...

...אזוי, האט ער פארלאזן רעזקינען, דעם האטעל. ער איז געגאנגען צו זיך א היים...

וואס-נעענטער ער איז צוגעקומען צו דער שטוב, איז זיין הארץ-קלאפ געווארן מסוכן. עס האט אים פארשלאגן דעם אטעם. גענומען מישן פאר די אויגן...

ער האָט, שטיל, געעפנט די טיר... איר געטראָפן זיצן דאָרט, וואו ער האָט איר נאָך געלאָזן, אָנהויב אָוונט; אַ פאַרשטאַרטע; אַן עלנטע, אַזאַ, ווי ער... און, דאָס האַרץ האָט זיך איבערגעקערט אין אים, פאַר שרעק; פאַר רחמנות אויף זיי ביידן... אַזוי, איז ער צוגעפאַלן צו איר; געלייגט דעם קאָפּ אויף איר שויס; צוזאַמענגעבראָכן אין געוויין...

אין דרויסן, האָט זיך עס צעשפּילט. אַ פליִיץ־געטאָן אַ וואַרעמען גאָס אין דער נאַכט אַריין. די פינצטערניש גענומען רירן פון אָרט...

* * *

מע האָט זיך געקאָנט ריכטן אויף אַ נייער אָנגעוואָרפענער קאָנט־שאַפט, וועלכע איז רעזקינען לגמרי נישט ניחא געווען.

אויפן אַנדערן טאָג, באַלד אינדערפרי; איז דער אומבאַקאַנטער גע־קומען צולויפן אין האָטעל, אינגאַנצן אַ צעשיינטער, אַ גליקלעכער; אַרויף גלייך צו רעזקינען — נישט אַנדערש, ער מיטיקט היינט בא זיי... ער איז איינגעלאַדן פון איר אַליין — אומבאַקאַנטערייט...

ער האָט איצט געהאַט אַ פול מויל מיט רייד, דער פרעמדער; גע־וואָלט עפּעס אַרויסברענגען, נישט געקאָנט... אָט, אַ פּנים, די פאַרגאַנ־גענע נאַכט, האָט אים אַרויסגעשלאָגן פון דער קאַלייע; אים געעפנט די אויגן אויף עפּעס אַזוינס, אויף וואָס ער אַליין, ביז איצט, האָט זיך נישט געקאָנט אָנשטויסן... אָבער, דאָס איז עס דאָך — יענץ געגאַרטע, דאָס גליק, וואָס ער האָט, אַזוי לאַנג, אויסגעקוקט, — האָט געמוזט קומען צו־גיין אַ פרעמדער, אים אָנווייזן... אָבער, עס איז אַלציינס...

און, ער האָט זיך געפּרואווט טוליען צו רעזקינען; און זיינע בליקן, פול מיט דאַנקבאַרקייט, אין דערוואַרטונג. נאָר, ער האָט זיך נישט דער־וועגט; פלוצים, מורא־באַקומען... פאַר אים אַליין איז ער, רעזקין, געבלי־בן, נאָך דער נאַכט, נישט־פאַרשטענדלעך; אַ ווייטער. ער האָט, פשוט, אָנגעיאָגט אַן אימה אויף אים, דאַן, אַז ער האָט זיך צערעדט, גענומען לאַ־כן הויך אויפן קול... דערנאָך אפילו, ווען ער האָט אים געגלעט, אַזוי שטיל, וואַרעם... אים קומט פאַר, אַז ער, רעזקין, האָט אים נישט אינגאַנצן אויסגעזאָגט; ער ווייסט פיל מער; ער פאַרהוילט פאַר אים... נאָר, ער האָלט אים געפאַנגען; ציט אים צו זיך, ווי מיט צוואַנגען...

און, ער איז, פלוצים, אַריינגעגאַנגען אין זיך, דער פרעמדער; צו־ריקגעטראָטן; געוואָרן אומרואיק... איצט, אַז ער האָט אויפגעכאַפּט אויף זיך דעם אומבאַקאַנטנס בליק, איז אים היים־געוואָרן אונטער די טראָט; ס'האָט אים אָנגעסטן באַשלאָגן...

נאָר,רעזקין איז געווען אָפּן־בייז. נאָך אַלעמען, וואָס וויל מען פון אים, צוויי ווילד־פרעמדע — קאָרג די נאַכט?

ער האָט, ערשט, איינגעזען, מיט פאַרדרוס, דעם טעות, וואָס ער האָט געמאַכט ווען אירע, דער אומבאַקאַנטער... „אַ לויטער גינגאָלדן ליד צו באַנייונג...“ — נישטאָ, ווער ס'זאָל לאַכן!... פּשוט, אַ פרוי פון דער געזעלשאַפט, נודיעט זיך. האָט דערשמעקט פאַנג. קאָן זי שוין נישט רוען. געשיקט דעם אייגענעם באַלוואַן נאָך אים...

נאָר, אָפּזאָגן קען מען נישט. אַ מענטש רופט... און, ער איז גע־גאַנגען.

*　　　　*

מע איז, זייער שנעל, היימיש געוואָרן. זי אַליין, אויסגעוועבן אַ וועלט, האָט, גאַנץ־קונציק, (מע האָט עס געזען,) אויסגעלערנט יענץ לידל, וואָס, ווען מע וויל, טרעפט עס אריין אַ מאָן אין פינטל...

...אָ, זי איז געווען אַ פּרעכטיק־צעשיינטע „זי“, אַ גאָלד־האָריקע פּרעכהייט; די יונגע מאָראַל אין אומרו, די פאַרשייטע טוגנט, געשוועבט באַ אירע פלאַטערנדע נאָז־פליגל, איר צעציטערטן שוים — אָ, די בלאָנ־דע מאָראַל אין געבערן...

זי האָט זיך געפּלייסט צו געפעלן. גאַרנישט געהאַט פאַר רעזקינען געגנוג לויב־ווערטער, אַזוי — פאַר דער אינטעליגענץ זיינער, ווי פאַר זיין קלוגשאַפט, בכלל...

אים, האָט עס געשמייכלט, אַ וודאי, דאָס אַלץ. דער עיקר'שט, אַז ער האָט גענומען באַמערקן באַ זיך אַליין — אַזוי, מן־הצד — אַז, עס ציט אריין, און עס ציט...

עס האָט, גראַדע, צוגעדינט דער פאַל, דאָס מאָל, וואָס ער איז נישט אָפּגעפאָרן באַלד אין דער פּראָווינץ; פאַרבליבן, דערווייל, אין שטאָט, געזוכט אַרבעט באַ עפּעס אַנדערש. ער האָט זיך אַרויסגעצויגן פון האָ־טעל, אין ערגעץ אַן אויבערשט בחור'יש צימער, באַ אַ פאַמיליע... איצט, איז ער שוין געקומען אָפּטער אַהין; נישט געוואַרט, גראָד, מע זאָל אים פאַרבעטן; פאַרבראַכט שעה'ן לעבן איר; גאַנצע טעג... ער איז שטענדיק געווען אָנגענעם; ווי אַ היימישער, אַן איינענער אַלציינס... וואָס מער ער האָט פאַרלוירן לעבן איר, אַלץ צוגעלאָזענער איז ער געוואָרן, אַזוי־ווי געבונדן... געשפּירט, ווי ער צעעפנט דאָס האַרץ פאַר דער פרוי, וועלכע האָט, אַזוי־אייפעריק, געזוכט זיין פריינטשאַפט; ביז, זי האָט זי באַ־קימען.

*　　　　*

שפּעטער, אַז עס איז קלאָר געוואָרן איר צושטאַנד, איז געקומען די זאָרג דאַריבער. זי, אַן איינגעוואַנדערטע, האָט דאָ נישט געהאַט כמעט קיינעם. דאָס אייגענע — ער, דער מאַן. זיי זענען געווען דריי אירע איצט, באַזאַמען מיט רעזקינען; געמוזט האַלטן אינײנעם.

—...פאַרוואָס עפּעס — דריי א י ר ע, ווייסט איר? — האָט רעזקין געפרעגט, און געמאַכט אַ געהיימניש־פולע מינע. ער האָט, ערשט, געפלעגט אַרויס, אַפּנ, מיט אַ פרישן שפּאַס, אַ צעשמייכלונג.

—...דאָס זענען אייערע שוועסטער געהאַט, אַמאָל, געקומען פאַרן באַשפּער מיט דער גערעכטער טענה:

„—...ס'טייטש?! — טראָגן קינדער מוזן ז יי. דערנאָך, די האָד־רעוואַניע, ביז מע דערלעבט שוין דאָס קינד שטעלן אויף די פיס — ווי־דעראַמאָל ז יי. און, האָבן געבורט־ווייי — אויך ז יי ?! — וואו איז יושר, פאָטער אין הימל?!...”

— האָט דער אַלטער גוטער גאָט עס אויסגעהערט. געשוויגן. קוים־אַנזיכטיק, אַריינגעשמייכלט צו זיך, אין דער לאַנגער שניי־ווייסער זיקנה אַריין. באַלד, איז געקומען זיין רוף:

„— עס זאָל זיין אייער ווילן, פון אַצינד און ווייטער. און די ווייען פון געבוירן זאָל האָבן דער מאַן!...”

— דאָס דערהערט, זענען זיי געפאַלן כורע'ים, די ווייבער, פאַרן כסא־הכבוד, און געדאַנקט. זיי זענען אַוועק, צופרידן.

— איז אַריבער אַ צייט. עס גייט צו־קינד אַ פאַרנעמע דאַמע פון שטאָט. קומען חבר'טאָרנס צוגיין; מע פרעגט איר:

„— ווי פילסט זיך?”

„— נישט שלעכט” — ענטפערט די דאַמע, אַ צופרידענע.

— גייט מען אַריין צום מאַן, אין אַ צווייטן צימער. טרעפט מען אים באַם עסן, גלייך ווי גאָרנישט; און, מע פרעגט באַ אים, פאַר'חי־דיש'ט, וויאַזוי ע ר פילט זיך?

„— אַדאַנק, נישט אַמערגסטן” — מאַכט ער, מיט אַ שמייכל, און עסט ווייטער.

— דערווייל; מע גיט אַ קוק, אין אַ אַנדער צימער, אין אַ ווינקל — ליגט נישט דער פריינט פון דעם הויז, אַ שטענדיקער אַריינגייער, און קאָרטשעט זיך אין ווייען?!...

— איז דאָך זיי באַפאַלן אַ ציטערניש, די ווייבער. זיי זענען אַוועק, נישט־טויט־נישט־לעבעדיק, געקומען צולויפן פאַרן אַלטן גוטן באַשעפער, ווידער געקניט פאַר אים און געבעטן:

„— זאָל שוין בלייבן, ווי געווען, טאַטע זיסער!...”

— איז — א י ר ע, דאָס איז מען זיכער; אָבער — צי ז יי נ ע, ווער ווייסט?

און, ווייל דער שפּאַס איז געווען אַ גוטמוטיקער, אַן אומשולדיקער, האָט ער נישט פאַרטשעפּעט קיינעם; פאַרקערט, ארויסגערופן פיל-היי-טערקייט; און בא איר, אפילו האַרציק געלעכטער.

...עס איז געווען גוט צו זיין מיט אים, מיט רעזקינען. ער האָט אָנגעשלאָגן אַן דעם גוטן אין איר, עס גַעקעכלט, פּונקט ווי ער וואָלט עס געקיצלט, אַזוי קלוג און איידל, אַז זי זאָל לאַכן אַן אַ ברעג. דאַקעגן, איז ער געווען בייז צו איר, ווי אַ טייערער האַרציקער שטראָפער; און דאָס גאַליקע, וואָס איז אין איר אַזוי־אָפּט אויפגעדראָלן, יענע אומרו־איקע פון תמיד — נישט געלאָזן אָנלויפן מער; געשטאָנען מיט אַ קאַנ-טשיק. צעטריבן...

ביז. עס איז אָנגעקומען די צייט. מע האָט איר אַריינגעגעבן אין אַ סאַנאַטאָריע.

...עס איז צוגעגאַנגען שווער מיט איר. עס האָט זיך אויסגעוויזן, ווי עפּעס אַ פרעמדע פאַטאַלע קראַפט — אָט יענע, אפשר. וואָס האָט איר פאַרפּאָלגט, זינט תמיד, אומגעיאָגט פון איין אומרו צום צווייטן, און וועלכע מע האָט, לעצטנס, אַזוי-געשיקט, געפּרוואווט אָפּטרייבן פון איר, — האָט איצט ווידער צוריקגעקערט, אַ ברוטאַלע, אַ ריקזיכטלאָ־זע; מיטיינמאָל, איבער איר ש ל י ט ה געקראָגן; איר אַריינגענומען אין די לאַפּעס, פון איר דאָס לעצטע חיות געזויגן... זי, די פרוי, איז געוואָרן ווילד און ווייט. זי האָט נישט דערקאָנט מער קיינעם; דעם מאַן, רעזקינען. זיי נישט צוגעלאָזן גאָר צו זיך... זי האָט זיך שוין געפונען דאָ, דעם צווייטן טאָג, אין דער סאַנאַטאָריע. נישט גערוט, באַטאָג, באַנאַכט. עס איז געווען קלאָר, אַז — זי וויל נישט אָפּגיבן דאָס קינד...

---

נאָך געציילטע מינוטן פאַרן, איז רעזקין אויסגעשטיגן פונעם אָמ־ניבוס. עס איז געווען אַ שטילע אָפּגעלעגענע גאַס. די געביידע פון דער סאַנאַטאָריע איז געשטאַנען, אינדערמיט פון אַן אַלטן געדיכטן פּאַרק. ער איז, מיט שנעלע טריט, אַוועק אַהינצו. באַלד איז ער געווען אינעווייניק.

דאָרט, איז געווען אַן איבערקערעניש. עס איז אים געלאָפן אַנטקעגן דער מאַן, אַן אַ פּנים...

—... זי ליגט פונאויבן, אינעם צימער. מרוקעט, ווי אַ חיה... אַזוי. וואָס־זשע האָב איך דאָס געדאַרפט?!

און, ער אַליין האָט גענומען כאַרכלען עפּעס אַזוינס, וואָס מע האָט רעכט נישט געוואוסט — וואָס...

רעזקין איז געבליבן, איין ווײַלע. באַלד, האָט ער זיך געכאַפּט — וואָס שטייט מען?! עס איז איצט די ריכטיקע צײַט. די מינוט. מע טאָר נישט פאַרזאַמען. ערשט, אָדער קיינמאָל. עס גייט פאַר דער לעצטער געראַנגל מיטן טײַוול. יענער פאַרשפּילט!...

ער האָט אַ צי־געטאָן דעם מאַן נאָך זיך. מע איז אַרויפגעלאָפן, מיט די טרעפּ, אַף אויבן... מע איז זיי געגאַנגען אַנטקעגן, פונעם צימער. אַ דאָקטער. אַ הויב־אַם. גערעדט צוביידן באַגלײַך...

—...מע דאַרף נעמען דאָס קינד. שוין. דרינגענד. זי בלײַבט אָן כוחות. מע מוז אָן איינשניט מאַכן. ער דערלויבט?!

ער, דער מאַן, איז געשטאַנען, אַ פאַרלוירענער, פאַרצווייפלט. ער האָט אינגאַנצן געציטערט. נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט.

— נעמט דאָס קינד! וואָס וואַרט איר? — רעזקין האָט זיך צעשריגן נישט מיט זײַן קול — איר הערט נישט, אַז ער הייסט?!

יענע זענען פאַרשוואונדן. עס האָט געדויערט אַ רגע. עס האָט געדויערט אַן אייביקייט... פון דאָרט, פון אינעווייניק, האָט, פּלוצים, אַ שפּאַר־געטאָן שרעקלעכע שטילקייט. דערלאַנגט איבערן קאָפּ. וואו עס האָט נאָר געטראָפן... עס האָט זי איבערהאַקט, די שטילקייט, אַ שאַרפער קווויטש, אַ קייזער־שניט, אַף דער העלפט... באַלד, און עס האָט זיך געעפנט די טיר. די הויב־אַם, אַ יונגע בליענדע פרוי, איז געשטאַנען אַף דער שוועל, אינגאַנצן אַ צעשטראַלטע...

—...זי, די געווינערן, רופט זיי... עס איז אַ שיין אינגעלע, ווי גאָלד...

ער האָט נישט געקאָנט גיין, דער מאַן. עס האָבן זיך אים אונטערגעבראָכן די קני. מע האָט אים געמוזט פירן.

אינעווייניק, איז זי געלעגן; און לעבן איר, דאָס קינד — אַ זקנה'ש־צעקנייטשטס, אַ וואָרצלדיקס. זי האָט געשיינט צו דעם, אַ בלייכע, אַ רעזיגנירטע, אַ גליקלעכע...

—...איצט בין איך צופרידן...

זי האָט דאָס אַרויסגעשעפּטשעט, קוים־צום־הערן, פאַר זיך; אָפּגעהאַקט. זי האָט אײַנגעדרעמלט.

שטיל, אַף די שפּיץ־פינגער, האָט זיך רעזקין צוריקגעצויגן. זיי געלאָזן אַליין. שוין פון ד ע ר זייט שוועל; האָט ער געוואָרפן אַ לעצטן בליק, אַ פאַרקלערטן, צו דער טיר פון צימער....

...דאָרט, וואו אָקאָרשט, האָט דאָס לעבן געוואונען, דער אמת...

און, ער האָט גענומען נידערן די טרעפּ. ער האָט אַצינד, געאײַלט צום דרויסן.

ארום האלבן טאָג, איז רעזקין אריינגעפאלן, אַ פארפאליעטער, אַ צעווינטיקטער, אין אַ רעסטאָראַן, וואו מע האָט זיך געטראָפן, אַלע מאָל, בּאַ מיטאָג, מיט חברים לערערס; צוזאַמען, פארבראַכט די פּאָר שעה.

מע האָט אים דאָ אויסגעקוקט, קענטיק, מיט אומגעדולד. זיך אָפּן דערפריידט מיט זיין אָנקומען... צייט איז נאָך געווען לרוב; און ער, רעזקין, האָט געהאַלטן אין רעכטן מיטן שילדערן, זינט עטלעכע טעג, די געשיכטע פון אַ מאָדערנער אידישער שול, אין אַ גרויסער פראָווינץ־שטאָט — בסך־הכול, עטלעכע שעה רייזע פון דאַנען...

...אָ, אָט דער רעזקין־לץ, אז ער כאַפּט זיך עס צו צו עמיצן, — אַזוי, קערט ער אים אוים מיט דער גאַל אַף אינדרויסן, אז — דו מוזט פּלאַצן. פאר געלעכטער... כאָטש; דו אליין, בלייבסט קיינמאָל נישט זיכער, וואו־הין ער קוקט, בשעת מעשה; וו א ו צילט ער דאָס, אז ער זיצט און ער קוקט דיר גלייך אין די אויגן, דערציילט פון ווי־ווייט; לאַכט מיט דיר צוזאַמען... באַלד, נעמט דיר פּאָרקומען: — דאָס לאַכסטו גאָר ד י ך אליין אוים, פון קאָפּ ביז די פים!... — נ אָ ר, ד י ך, אַ ל יי ן?

— אָבער, זע, ווי בייז ער ווערט, צערייצט, אז עס הויבט אים אויף פּו־נעם אָרט; ער נעמט בייטשן דיך און זיך, אָ, אונז אַלעמען, רייסן לעבע־דיקע שטיקער, אָן רחמנות...

—...און, דאָס איז נאָך געווען אין יענע גוטע צייטן; ווען די כוואַ־ליע פון פּראָגרעם האָט געפלייצט, אוים דער הויפּטשטאָט — בבכל תפוצות הגולה, איבער אַלע אָפּגעלעגענע אידישע ישובים אַף דעם לאַנד. אידן - קוענטעניקעם (ספּעציפיש־אַרגענטינער הענדלער) ארויפגעאַרבעטע — אומעטום, קיין עין־הרע, לרוב; אַלע, פּאָרטגעשריטן-געשטימט — סכנות... נישט־אַנדערש, מע מוז זיך אָרגאַניזירן; גרינטלעך איבערבויען דאָס גאַנ-צע אידישע לעבן, פון אויבן ביז אראָפּ. אויסרייסן יענעם אייביקן שימל מיטן וואָרצל; דעם טאַטנס קינות; אָט דאָס טובלע פארוויאַנעטע ליד. אָנפילן דאָס לעבן אונזערס מיט פרייד, מיט אויפגאַנג, מיט פּראָגרעס. מע מוז אָנהויבן פון דער שול!

—...זי, די שול, זאָל ווערן דאָס שיינדל פונעם ישוב. די נייע גרויסע אטראקציע פארן קינד. זי זאָל אים ליב זיין. אים גלוסטן אליין גיין אהינצו — נ י ש ט, דארפן אים טרייבן מיט שטעקענעס, ווי ביז איצט...

— אין איינער אזא פראָווינץ־שטאָט. באלד, נאָך דער אָרגאניזירונג. זיך־געשטעלט אין קאָנטאקט מיטן צענטר... „מע איז אומגעדולדיק. מע ווארט אפן נייעם מאָדערנעם לערער — מע זאָל מאכן מיט אים דעם אָנ־הויב. עס איז דרינגענד. די צייט שטייט נישט...״

— אין א באטאָג; אז איך בין אָנגעקומען, מיט דער באן; זיך גע־פּרואווט דערפרעגן, וואו מע דארף, — איז קיינער נישטאָ אין דער היים... ס'איז איצט ארבעטס־צייט. ערשט, אפן אָוונט, נאָך וועטשערע; אינעם סאלאָן־צענטר פון שול...

— איך בין געקומען צוגיין אהינצו פארפרי. געמוזט אויפווארטן, ביזל וואנען אלע וועלן זיך פארזאמלען; צוטרעטן צו דער זיצונג...

„—...איר ווייסט נישט? דאָ, אף דער פראָווינץ, איילט מען זיך נישט. באזונדערס, אונזערע אידעלעך; און, נאָך צו אזוינע זאכן, ווי א שול... בע־ע־ע... דאָס מיינט מען נאָר דאָרטן, בא אייך, אין דער שטאָט, אז דאָ ברענט... נישט אזוי די מעשה... פּאַוואָליע; נאָר — געלאָסן... אז איר וועט זיך צוכאפּן, מיט א שנעלן טעמפּ, — ווערט איר שנעל טעמפּ... הערט מיך, אייער פריינט. שוין אויפגענעסן אף דעם די ציין... זאָגט, נאָך וואָס זענט איר דאָ־אהער געקומען — טאָמער, ווייל איך ווייס, פון דער גרוי־סער שטאָט, אז — איר זענט שוין י אָ דאָרט געווען?! ווער האָט גע־שיקט נאָך אייך? — וואָס, איר קלייבט זיך דאָ לאנג ווײלן, חבר? — אָ, וועט איר זיך לאנגווײלן, ביז צו דערשטיקעניש... בע־ע־ע... איר זענט א מאָדערנער לערער, זאָגט איר — איר מיינט עס אזוי... נאָר, באלד, אז איר וועט אָפּזיין בא אונז א קליין שטיקל צייט — אָ, איר וועט לאנג נישט דארפן ווארטן!..., — אזוי, ווערט קלאָר, אז איר זענט גריילעך גענארט. נעמלעך, עס שטעלט זיך גלייך ארויס, אז — נישט קיין לערער זענט איר, נאָר — א דערציער; און, א מ אָ ד ע ר נ ע ר דערצו... איר ווייסט כאָטש, וואָס דאָס באטייט — דעם סוד דערפון? אָ, עס איז גאָרנישט שווער צו טרעפן. ער ליגט אויבנויף... באלד וועט איר דער־פארן, אז דער סוד פון דער מאָדערנער אידישער דערציונג באשטייט דע־רין, וויאזוי — צו ד ע ר צ י ע ן. וואָס־שנעלער, צו א ברעג און — אוועק פון דעם, פטור־ווערן!... איר האָט מיך פארשטאנען?... דאָס רעדט נישט צו אייך א מענטש, גלאט אויסן ארבל. עס שטייט פאר אייך דער

— געוועזענער לערער פון שול! י אָ ר ן ארבעט אוועקגעלייגט דאָ —
איצט, גלויבט איר?..."

— ערשט אצינד, אז דער פרעמדער האָט ארויסגעלאָזט די קאַץ פון זאַק, איז שווער געוואָרן אים צו גלויבן... נאָר, מע האָט געזען פאר זיך — א מענטש שטייט און רעדט מיט גאַל, מיט פארביטערונג, — און, עס איז נישט מעגלעך געווען אַנדערש, ווי נאָר אים אויסצוהערן.

— עס איז נאָך אַלץ געווען פרי. מע האָט געמוזט אויפוואַרטן... נישט געווען קיין אַנדער ברירה... מיר האָבן זיך צוגעזעצט אף א באַנק, אין א ווינקל פון סאלאָן. דער פרעמדער איז אריין אין היץ...

„—...ווי איר קוקט מיך אָן, מאַך איך קיינמאָל נישט קיין טעות אין שול. פשוט, עס לוינט נישט. אזוי פאָדערט די פראָפעסיע. איך בין — א י ד; די העכסטע אויטאָריטעט! — אז איך גיי אריין אין א שול, גיב א קוק־דורך די קינדער — דעם, יענעם, איך נעם זיי דורך מיט מיין שאַרפן בליק, דעם מושכל ראשון, — אזוי פסק'ן איך גלייך אָפּ — מי באש, ומי במים — ווער עס איז פעאיק, ווער — נ י ש ט; און, אזוי בלייבט עס. קיינע אינטערווענצן, אין דער צוקונפט, באַמיונגען און פליים, דאָס צו ענדערן — ברענגט נישט קיין נוצן. עס איז אומזיסט, יונגלינג. דיין גורל איז פאר'חתמ'עט!...

„—...עס איז נאַטירלעך, אז אַזא מענטש, ווי איך; מיט אזוי פיל וויסן, מיט אַזא שטרענגן קאָנסערוואַטיוון צוגאַנג צו זאַכן, — זאָל האָבן אויסצושטיין א קאַמף אומעטום. ווייל, איך וואַרף מיך שטאַרק אין די אויגן; טייל זיך אוים שאַרף פונעם ארום... בפרט נאָך, אז אונזערס א מענטש טוט א פאַל אראָפּ אין דער פראָווינץ; ווי אין א זומפּ, אַקוראַט — גיי, מאַך אָרדענונג; פון א דבר־אחר'ס עק, א שטריימל... און, דאָ, באַזונדערס, האָט זיי נאָך צוגעשפּילט דער פּראָגרעס; אָנגעיאָגט די גאַנ־צע „מאָדערנע" געדיכטעניש אהער, אַזש פון דער הויפּטשטאָט: —נישט אַנדערש, מיר ווילן זיין מים לייטן גלייך!... — איר, קענט נישט? — צו מיר אזוי — גייט אייך!... —

„—...עס האָט מיך אונטערגעטראָגן. מיר האָט זיך פארוואָלט זען, אדרבה, ווער עס וועט זיין דער ערשטער, דער חכם — ער זאָל מ י ך הייסן גיין פונדאַנען. איך וואָלט אים גלייך געווען אויסגעזעצט אַלע זיינע חכמה־צייון פון פּיסק... אָ, מע האָט עס גוט דערקאָנט אף מיר. זיי זענען צוריקגעטראָטן... מע האָט זיך גענומען פאַרן מאָדערניזם...

„—...איך זע, אז עס הויבט אייך אָן געפעלן. עס פריידט מיך זיי־ער... מאָלט אייך, אז פיל ענדערן איז באַלד נישט געווען — וואָס. פאַר־בליבן כמעט באם אַלטן... אזוי, די ווייט־פראָקלאַמירטע אויסגעשריגענע לעקציע פון ה א נ ט - א ר ב ע ט — וואו דער לערער טיילט פּעטש אף־רעכטס־און־אף־לינקס; אזוי, די אַלע אנדערע לעקציעס... אָ, גלויבט,

פריינט און חבר: מיין שול איז געווען מאָדערן ביז גאַר — נאָך איידער זיי האָט עס צוגעשפּאַרט, פון דער העלער הויט, דער פּראָגרעס. אָט, הערט. אין דער שול איז אָנגעגאַנגען, זינט אימער, אַ פּערמאַנענטע באַ-וועגונג, אַן אייביקע אומויפהערלעכע דינאַמיק. דאָס איז געווען כּלל נור־מער איינס פון מיין פּראָגראַם. קינדער זאָלן גיין און קומען. נישט — פאַרבלייבן לאַנג אויף איין אָרט — ווי ערגעץ אַנדערש — ווערן איינגע־שטאַנען, פאַרשימלט. איך, האָב נישט דערלאָזט דערצו, באין-אופן. עס באַקעמפט מיט אַלע פיבערן פון מיין ענערגישער זעל. עס געריסן פאַרן וואָרצל... באַלד נאָר צוגעזען, אַ קינד נעמט זיך געוואוינען צו דער שול, באַקומט זי ליב, ווייל נישט אַוועק, — און, איך האָב מיך פאַרלייגט אויף זיין לעבן, ביז וואַנען איך האָב אים פאַריאָגט... אַ, אין דער הינזיכט, פריינט, קאָנט איר זיין רואיק. איך בין געווען און פאַרבליבן הונדערט־פּראָצענטיקער אידעאַליסט... — גיי פון דאַנען — האָב איך געשריגן צום געטריבענעם — אין לעבן גיי, באַוועג זיך, קעמף — ווייל, דאָ האָס-טו מער גאָרנישט, וואָס צו טאָן...

„—...און, זיי אַליין האָבן עס אָפּגעשאַצט, די יונגען; אַ, נאָך ווי־אַזוי!... ווי היינט, געדענק איך; אויף איינער אַ פייערונג, צו מיין כּבוד - וועגן. האָט זיך אויפגעשטעלט אַ קינד — דער בעסטער פון זיי אַלע — און אויסגערופן צו מיר, אַז אַלע האָבן דערהערט: „—איר, לערער, זענט דער ערשטער נ י ש ט - א י נ ט ע ר ע ס א נ ט ע ר מ א ן (גע־וואָלט זאָגן — „נישט-פאַרינטערעסירטער”; אָבער, עס מאַכט נישט...) אין דער וועלט...”

„—...אָבער, די זעלבע דינאַמיק, אַזוי האָט זי אויך אָנגעהאַל-טן אין אַלע איבעריקע אַקטיוויטעטן פון שול. קיין ענלעכקייט. קיין שאַ־בלאָן. קיין שום באַנאַליטעט! אַלץ האָט געצאַפּלט און געשטורעמט. אימ־לעכם קינד, אַ באַזונדער גראַד. יעדע לעקציע, אין איין־אין-דער־זעלבער-צייט, האָט זיך געטיילט אויף צען, אויף צוואַנציק, אויף דרייסיק פּאַראַמאַל. און, דאָס אַלץ האָט זיך געטאָן פון ז י ך, אַליין, אָן דער דירעקטער אינטערווענץ, חלילה, מצד דעם לערער. איך, האָב מיך געפונען אָן אַ זייט פון דעם אַלעמען, ווי אַ מאַסיווער אומבאַוועגלעכער ספינקס — וואָס מאַכט, דאָרורך, בלויז בולט'ער די פיבערהאַפטע באַוועגונג אין ארום...

„—...אַזוי, האָט דערוואַכט די לעבנס-פרייד אין שול; גענומען שלאָ־גן, ווי פון אַ טיפן קוואַל ארויס, באַגייסטערונג, עקסטאַז... אָבער, צו מיין מאָדערניזם האָט נישט גענומען קיין סוף... אַז איך קום אַריין אין אַזאַרט — דאָס מאָגט איר וויסן — גיבט נישט קיין גלייכן צו מיר!... מיין דערפינדערישקייט און איינפאַלן האָבן געזעצט, ווי פון אַ פאָנטאַן. זיך-געשלאָגן איינס-פאַרן־אַנדערן, פאַרלאָפן איינס־דאָס־אַנדערע דעם וועג...

„—...און דאָך — נישט געקוקט אויף די אַלע הערויִשע אָנשטרענ־
גונגען, איז די שול נישט געווען קיין דערפאָלג... מע איז נישט געבליבן
דאַנקבאַר קיינעם, פאַר מיין טריישאַפט. נישט אָפּגעשאַצט די מי. מיר
נישט געגעבן די מינדסטע געפאָדערטע הילף... איך בין אומגעגאַנגען,
הונגעריק, פאַרצווייפלט. באַטאָג, באַנאַכט, נישט גערוט. געזוכט די גע־
היימע לייזונג צו מיינע שוועריקייטן. יענע לעצטע פאַרהוילענע שיין...
געשפּירט, אָט־אָ־דאָ איז זי, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען... פּילייכט,
שטעקט זי אין מיר, דאָ-באַלד, אויבנויף; דו, שלאָג־אָן — אַזוי, גייט זי
אויף, אַ פייער־זייל, באַלויכט אַרום-און־אַרום... צו מיין נערוועזקייט איז
נישט געווען קיין ברעג...

„—...ביז, איינמאָל, אַן אָוונט. איך האָב פאַרבלאָנזשעט אין אַ קי־
נאָ. געקוקט, אָן-אַ זין, אַפּן עקראַן. איך בין געווען ווייט פונדאַנען...
פּלוצים, וואָס זע איך?!... — ...מע האָט גערדרייט „מאָדערנע צייטן", פון
טשאַפּלין... מאַשינען... מאַשינען... אויף אַליץ — מאַשינען... — אין מיין
עלנטער זעל האָט אויפגעשטורעמט אַ פרייד... — אָט דאָס איז עס דאָך,
דאָס געגאַרטע, אויף וואָס איך האָב אויסגעקוקט די אויגן! — העכסטער
מאָדערניזם. און, זעט, ווי איינפאַך, געניאַל! — ד י מ ע כ א נ י ז אַ־
צ י ע, אָ ד ע ר — ב אַ ל וו א נ י ז אַ צ י ע פ ו נ ע ם ל ע ר ע ר!...
כאַ-כאַ־כאַ... אָט, דאָס איז עס. און איך, האָב גאָרנישט געוואוסט... פון
אַצינד און ווייטער, גיי, לערער — ווער אַ גולם אין שול, אַ באַלוואַן, אַ
מאַשין, אויף לעקטריק! — עס קלאַפּט, צו דער סעקונדע. עס טראָגט אויס
בּיליק... באַלד פונינדערפרי; די קינדערלעך זענען אין שול; פאַרזאַמלט
אַלע; די צייט, — און, מע שטעקט אים גלייך אָן, דעם באַלוואַן... נעמט
ער זיך דערוואַרעמען; זשוזשען, ווי פון זיך אַליין, אַזוי־לייכט, אַ מחיה
— איין לעקציע, אַ צווייטע, די דריטע... ביז, עס קומט צו ענדע; און,
מע אַנטשטעקט אים גלייך. בלייבט ער שטיל, דער גולם, ער באַרואיקט
זיך, ער קילט זיך אָפּ...

„—...און, ווען אַמאָל פּאַסירט, מע פאַרגעסט אים צו אַנטשטעקן,
— איז אויך נישט קיין געפאַר. בלייבט ער שטיין אינמיטן שול, דער
באַלוואַן... די קינדערלעך, צעלאָפן פונלאַנג. נאָר, ער איינער, אַ פּאַר־
געסענער, האַלט אין זשוזשען, אין רופן פאַר די ליידיקע ווענט; אַ צע־
וואַרעמטער, אָ, אַ גליקלעכער איז ער — דער אידישער לערער!..."

* *

— אַן אויפגעגרוילטער ביז צום גרונט, בין איך, רעזקין, געקומען
צו זיך. דער סאַלאָן־צענטער איז איצט געווען פול מיט מענטשן. מע האָט
אים צוגענומען פון מיר, דעם האַלב-פונזינען-גערירטן געוועזענעם לע־

ער פון דער שול. מע האָט מיך געפּרואווט באַרואיקן, אַז — עס איז נאָך נישט אַזוי די מעשה, ווי ער צעפירט עס... און, הלוואי וואָלט ער נישט געוועזט האָבן גע'ממית'ט די קינדער, ווי עס וואָלט נישט דערצו געקומען... מע איז צוגעטראָטן צו דער זיצונג...

— אייך דאַרף איך דאָס נישט זאָגן, חברים, וויאַזוי די שול ציט אַריין... איך בין צוגעגאַנגען צו דער אַרבעט, מיט אַ שווער האַרץ... דאָס זענען געווען וואווילע באַלעבאַטישע קינדער; שטילע און אַרבעטסזאַמע. מע האָט געזען, וויאַזוי מען קאָן מיט זיי אַסאַך אויפטאָן — ווען נישט דער פּראָגרעס... וואָס וויל מען פון זייער לעבן האָבן מיט ד ע ר אַנ־שיקעניש?! — נישט די סביבה האָט זיך אָנגעהערט מיט דעם; אפילו נישט די אייגענע היים... די טאַטעס — אידן־סוחרים פון אַ גאַנץ יאָר; איינגעוואָנדערטע פון דער אַלטער היים, מיט שברי־לוחות אין האַרצן, רעשטן פון יוגנט־אידעאַלן, — האָבן זיך אַליין נישט אָפּגעגעבן קיין גענויעם חשבון דערפון, אַז ווי ווייט די צייט האָט איבערגעפירט; מע איז אַוועק פון אייגענע טאַטעס און זיידעס; אויסגעבערענט און אויסגע־בראָטן פון זיך וואו אַ מסורה, טראַדיציע, אַלט־היימישע מנהגים און שטייגער, אַ, יענעם נישט־לאַנגסטיקן אַלט־אידישן עבר, וואָס האָט נאָך אַזוי־יוגנטלעך געזאָדן אינעם אייגענעם בלוט, געשלאָגן־זיך, מיט אימ־פּעט און ברען, צום לעבן און צום וואוקס; וויאַזוי מע האָט זיך צע'־הפקר'עוועט, ווי די רויע נאַקעטע גאַסן־יונגען, אויסגעליידיקט פון יעדן תוך — מענטש, צי איד, באַגלייך — נישט אַנדערש, ווי דער גאַנצער וועלט־פּראָגרעס האָט דאָ צוגעשפּאַרט צו יעדן: — גיט זיי אים, דעם פּראָגרעס, דערלאַנגט, אַלע טאָג, יעדע שעה, די מינוט; אַנישט — וועלן זיי דאָס נישט איבערטראָגן! —

— איך האָב געפּרואווט צוגיין צו זיי, פּאַמעלעך, מיט גרויס פאַר־זיכט. מיט גוטן, געגיבן צו פאַרשטיין, וויאַזוי מע שלאָגט זיך דאָ מיטן קאָפּ אָן דער וואַנט...

„—...וואָס ווילט איר — האָב איך צו זיי גע'טענה'ט — זיין אַנדערש און קליגער פון דער גאַנצער וועלט? איר שרייט דאָך אַליין — וועלטלעך, פּראָגרעס! — טאַ, זייט־זשע, ווי די וועלט, ווי באַ לייטן! — באַ זיי — ימים־טובים; באַ אונז, אידן, אויך דאָס זעלבע. וואו האָט איר דאָס גע־זען אַ פאָלק אין דער וועלט, וואָס יאָנטעווט נישט, וואָס רוט נישט?! — מע וועט לאַכן פון אונז, זאָגט איר — פון אונזער צוריקגעשטאַנענקייט און רעאַקציע?!... — זינט ווען־זשע, זאָגט מיר, האָבן זיך עס אידן גע־שעמט פאַר דער וועלט מיטן אייגענעם לעבן?! — און, לאָמיר, טאַקע, אַ טראַכט־טאָן — אַזוי, געלאַסן, מיט ישוב־הדעת — צי איז זיך פאַראַן, מיט־אַן־אמת, מיט וואָס צו שעמען? זענען נישט אונזערע אידישע יום־

טובים אזוי שיין און דערהויבן, פריי און אידעאל, ווי בא דער גאנצער וועלט?... — איר שרייט, אז אונזערע קינדער פארלאזן אונז; ווילן נישט וויסן אונזער הערעאישן עבר, אונזער געשיכטע; איר אליין קלאגט און וויינט אף דעם... און, עס קלאגט און וויינט דאס הארץ, אף אייך קוקנ־דיק. וויאזוי איר האט גענומען און צעשטערט דעם לעצטן יום־טוב־שפור אין הארצן. געלאשן, מיט אזא וואנזיניקן אימפעט און לוסט, יעדן פונק פון גלויבן, נשמה־יתרה'דיקייט און הייליקער רו. אנגעיאגט אף זיך און אף אייערע קינדער אזא שווערע בלייערנע וואך. א וויסטע בהלה, א גע־לאף — נו, איז א חידוש, אז זיי קערן זיך אוועק פון אונז; נאך, מיט עקל און שפאט?!... — א, גיט זיך רעכענונג, אידן, וואוהין מיר זענען דערגאנגען!... נאך, איז נישט שפעט די שעה. לאמיר, אלע איינינעם, בנערינו ובזקנינו, יונג און אלט באגלייך, זיך א קער־טאן, ווידער, צו זיך; ווי אייביק, ווי תמיד, אין א שלעכטער צייט. אויפזינגען צוזאמען אונזער עכט אידיש ליד פון גלויבן אין פרייהייט. א, לאמיר ווייזן, אומ־אנטשראקן און מוטיק, אז מיר זענען נאך אידן אף דער וועלט!"...

— מיינע רייד זענען געווען ארויסגעווארפן. אלע מיינע טענות, אומ־זיסט. יענע אידן האבן געהויבן מיט די אקסלען; מיך אנגעקוקט, דער־שטוינט, בייז, צעצערנט; נישט געגלויבט זייערע אייגענע אויערן... ויקו לעשות ענבים, ויעש באושים...

„—...וואס טוט זיך דא?! — האבן זיי געשריגן — זיי האבן דער־ווארט א לערער א מאדערנעם; א פראגרעסיוון, אין פולן זין פון ווארט; צום סוף, האט מען זיי צוגעשיקט א פינצטערלינג, א קלאג־מוטער, וואס פארוויינט זיי דאס לעבן... וואס וועט איצט זיין?!..."

— און, זיי האבן באשלאסן — נישט אנדערש, אז דא האט גע־מוזט מאכן דער צענטער א גרויסן טעות מיט מיר; פראסט־פשוט, אנגע־נומען מיך פאר א צווייטן... אבער, ביז דער גרייז וועט אויפגעקלערט ווערן; דערווייל, די צייט שטייט נישט, געלט קאסט אויבעט געגוג, — וועט מען האלטן אן אויג אף מיר מיטן לערנען... וואס־זשע, מע וועט דאך נישט גיין, אפלאזן אין מיינע הענט די קינדער אף הפקר!...

— אזוי, האט זיך אנגעהויבן דער קאשמאר. אן אפענע פרעכע וואס־קאנאליע... איך האב געלערנט, וואס מיין הארץ האט מיר דיקטירט; מיין הייליקער חוב, אלס אידישער לערער. אבער, זיי האבן דאס צעשטערט, אויסגעלאכט; און, פאר די קינדער אין די אויגן, מיין נאמען צו דער ערד געשליידערט, צעטראטן, באשפאטן... איך האב געוואוסט, אז דאס קאן לאנג נישט אנהאלטן אזוי; אז, מיינע טעג זענען געציילטע... גאנץ־אומגערן, איז איצט געקומען איבער מיר י ע נ ע פ י נ צ ט ע ר ע

ג ע ש ט א ל ט פון געוועזענעם לערער, און עס האָט אריינגעשריגן אין מיר, גערייצט זיך...

„—...א לערער זענט איר?... אָ, ניין, פריינטעלע — א ד ע ר-צ י ע ר! — א מאָדערנער, דערצו... אצינד, גלויבט איר?!... —"

„—...וואָס-זשע? נישטאָ זיך, וואָס צו חידוש'ן, חבר... אונזער גורל אזא..."



— אין שול איז געווען איין קינד, א אינגל, פון א יאר-צוועלף, וואָס האָט געקלעפּט צו מיר; מע האָט אים גאָרנישט געקאָנט אָפּרייסן... וויפל מע האָט נישט איינגע'טענה'ט מיט אים, געפּרואווט אויפקלערן, — איז עס נישט געגאנגען. דאָס קינד איז געוואָרן נאָכמער צוגעבונדענער צום לערער... אָ, ער איז ווייט נישט געווען קיין פארשלאָפענער, א זשוואוער אזא, א שוואַרצינקער, א רירעוודיקער. ווי ער האָט עס פארטיידיקט דעם לערער פאר די קינדער! נישט געלאָזן אף אים פאַלן קיין שפּרענקעלע... ער האָט נישט איינגערוט. דער יאָט. מע האָט געקאָנט זען אף אים, ווי ער האָט געליטן. נאָר, ער האָט נישט נאָכגעגיבן; געבליבן בא זיינס...

„—...אָ, אָט-אָ-דער יונגאטש טויג נישט פאר דער שול — האָט מען געליאַרעמט פון אלע זייטן — מע קאָן מיט אים גאָרנישט מאכן... ער איז איינס מיט אים, מיטן לערער, און — ער עקט אונז די קינדער!..."

— עס איז געווען קלאָר, אז — מע מוז אים באזייטיקן...

„—...אָפּהאקן דעם לערער די פליגל!..."

„—...אָבער, וויאזוי?..."

„—...פּראָסט-פּשוט, ענג-מאכן אים די טריט. נישט-לאָזן אָטעמען... נישט געזאָרגט, כאווירים. עס איז דאָ א פּלאַן... טאָן פאר אונז וועט עס דער לערער — ער אליין, נישט קיין אנדערער... וואָס ארט אייך? עס איז גוט באַקלערט!..."

— אזוי האָט איינגע'טענה'ט איינער פון די קלוגע — דער סאמע-פּראָגרעסיוווסטער, א ווודאי, מיט אלע ארומיקע. נאָר, אז יענע האָבן אליץ נישט געגלויבט, געפאָדערט א דערקלערונג, — האָט ער זיך צעלאכט; (אזוי האָט מען, דערנאָך, איבערגעגעבן;) דערביי, כיטרע צוגעוואונקען צו זיינע פריינט; און, גענומען דערציילן א מעשה — מכוח ד ע ר ק ו נ ץ, ו ו י מ ע מ א כ ט ג אָ ל ד . . .

„—...געווען א איד-א סוחר. ער האָט געלאָזן זיין זון שטודירן. אוועק א יאָר, און נאָך א יאָר... יענער, דער זון, שפּאַרט שוין אָן אין די הויכע פענצטער, אָנגעקומען אין אוניווערזיטעט; ער שטודירט אליץ ווייטער... איינמאָל, פאָרט ער אראָפּ אהיים, אף וואקאציעס. דער אלטער

האָט זיך דערפרייט. נאָר, באַלד, זיך־אָפּגעפרייט, מאַכט ער צום זון:

„— אַף וואָס שטודירסטו?"

„— אַף בעמיע." — ענטפערט אים יענער.

„—...טראַכט ער, דער אַלטער. דערנאָך, זאָגט ער:

„— דו ווייסט דאָך, מיין קינד — אַ פּראָסטער מאַן, אַ כּוחר, דיין טאַטע; פאַרשטייו ווייניק אין דעם. ס'קאָסט מיר געלט, מוז עס אַף עפּעס טראָגן... דו, זאָג מיר, מיט אַ טאָלק: — צו וואָס נוצט זי, די בעמיע דיינע?"

„— אַף צו מאַכן גאָלד, טאַטע... — ענטפערט דער יונגערמאַן, נישט-געקלערט.

„— גאָלד?!" — און, דער אַלטער שפּרינגט אויף, נישט־טויט־נישט-לעבעדיק — וואָס־זשע שווייגסטו, גזלן! זאָג, ווי מאַכט מען דאָס?"

„—...און, דער זון האָט זיך נישט געאיילט. געלאַסן, דערקלערט דעם טאַטן, וויאַזוי מע פאַרמישט אין אַ שטויסל אַסאַך מינים זאַכן. דערנאָך, וואַרט מען אויף ביז האַלבער נאַכט; און, מע טרעט צו צום שטויסן די מינים. אַזוי — אָן איבעררייס. ביז, אַף אינדערפרי. דאַן, גייט אַרויס ריין גאָלד...

„—...דאָס איז עס אינגאַנצן..."

„—...דער אַלטער איז געבליבן — מאָרגע-דערפרייט. ער האָט שוין נישט גערעדט דאָס אַנדערע וואָרט. געטאָן אַליין, וויאַזוי יענער האָט גע־הייסן, און, מיט פּיבער און ברען, גענומען וואַרטן אַף האַלבער נאַכט..

„—...אַזוי, איז געקומען יענע שעה. ער האָט זיך גענומען צום שטוי־סן, מיט פליים. ער איז געווען אינגאַנצן אריינגעטאָן אין דעם; מער אין גאָרנישט... פאַרן שלאָפן-גיין, איז דער זון צוגעגאַנגען צום טאַטן, אים געוואָרנט:

„— ער טאָר נישט איינשלאָפן — איין רגע אפילו — נאָר, כּסדר שטויסן, ביז טאָג... נאָך אַ זאַך, טאַטע... — און, ער האָט זיך צוגע-בויגן, אים דאָס איינגערוימט אַפן אויער— דו זאָלסט נישט דערלאָזן, למען־השם, צום געדאַנק — איין מאָל אפילו — יענע מאָגישע שפּרוך „האָקום-פּאָקום!" ווייל, זאָנסט, איז אַלעס קאַפּוט... אַ גוטע נאַכט, אַל-טער!..."

„— יאָ־וואָהל, זון. האָב קיין זאָרג!..." — האָט דער פּאָטער אים צוגעוואָרפן און, מיט פייער, זיך־גענומען צו דער אַרבעט...

„—...עס איז אַוועק די נאַכט. שוין אינדערפרי. דער זון איז אַרויס פון זיין שלאָף־צימער, אַן אויסגערוטער. שמייכלט ער. ער טרעפט דעם אַלטן זיצן פאַרן שטויסל, פאַר'חושכ'ט, מלא-חמה... ס'טייטש, עס איז גאָרנישט אַרויסגעקומען!... ווען ער האָט אים דערזען, דעם זון, האָט ער זיך אַ ריס-געטאָן פון אָרט — גרייט אים דורס־צו־זיין!... נאָר, ער,

דער יונג, האָט זיך נישט פאַרלוירן; און, אַזוי שעלמיש, אים פּאַרקוקט. דעם אַלטן, אין די אויגן אַריין, מאַכט ער צו אים:

„— דו, זאָג מיר נאָר, טאַטע, דעם אמת: — האָסטו נישט אַמאָל אַ קלער־געטאָן יענעם פאַרבאַטענעם „האָקוס־פּאָקוס", האָ?... אַרויס, שעם־זיך־נישט!..."

„—...און דער אַלטער, אַ פאַרשעמטער, האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ; מיט פאַריבל:

„— אַ מאָדנע זאַך... זינט ער לעבט, איז עס אים קיינמאָל אויפן זי־נען נישט געקומען... און, די נאַכט — כאָטש, גיב איר אַ קרענק, דער פאַרשאָלטענער שפּרוך — ווי, זי האָט עס נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון אים, אַ רגע..."

— דער טייפלשער פּלאַן איז געווען קלאָר. דער לערער זאָל אים פאַרגיבן, דעם אינגל, אַ שווערע אַרבעט, נישט לויט זיינע כוחות. דער־ביי, זאָל ער אים פאַרזאָגן, מיטן הארבן וואָרט, אַז — ווען ער מאַכט דאָס נישט, צי — ע ר  פ א ר ל י ר ט  ג ל א ט  ד י  א ו י פ ג א ב ע (אָן אָנצוהערעניש אַזאַ...), — דאַן, האָט ער מער נישט, וואָס צו טאָן אין שול, ווייל — ער איז אויסגעשלאָסן.

— איך האָב מיך אָנגעכאַפּט אָן דעם. אַזוי, האָט זיך מיר אַליין גע־וואָלט זעען דעם טייערן יונג ווייט פון דעם אַלעמען; אויסער דער גע־פאַר... נאָר, איך האָב דאָס נישט אַרויסגעגיבן... נישט געריסן דאָס צווייטע וואָרט; האָב איך אים גערופן צו זיך, דעם קינד. גענומען זיין פּנים צווישן מיינע הענט. איך האָב אים פאַרקוקט גלייך אין די אויגן. געגאָן מיט דער האַנט איבער זיין שיינעם שוואַרץ־געקרויזטן קאָפּ־האָר, איבער פּלייצע. געשמייכלט צו אים אָפן, פריי. איך האָב אים דערלאַנגט די אַרבעט; איבערגעזאָגט, וואָרט־אין־וואָרט, וויאַזוי מע האָט געהייסן...

— אַ פּנים, ער האָט זיך באַלד גענומען אָנשטויסן אָפן מיין... יע־נע אָנצוהערעניש איז געווען אַזוי אויבנויף!... ער האָט אַ קוק־געטאָן צו מיר, פאַר׳חידוש׳ט, נישט געגלויבט, וואָס ער הערט...

„—...אָט  ד אָ ס  פאַרלאַנג איך פון אים?!..."

— אינעם בליק אין זיינעם האָט געציטערט די גאַנצע תמימות פון אַ קינד, אַ באַליידיקטע, אָן־אַ פאַרוואָס... אַריבערגעגאַנגען צו געבעט, ליי־בע־אָן־אַ ברעג, אָנגעקוואָלענער זודיקער טרער... אַ פאַרשעמטער, אַ גע־עקטער ביז צום גרונט. האָב איך אָוועקגעקערט דאָס פּנים פון אים; גע־זען, גיכער מיטן האַרץ, וויאַזוי ער האָט גענומען גיין, אַ פאַרקלערטער, איבערן צימער, נישט געטראָפן די טריט. זיין פּנים האָט געצאַפּלט, אַז ער איז אוועק...

„—...האסטו מיך כאטש פארשטאנען?! — א, טייערער, זאג!..."

— איך האב אים נישט געזען, דערנאך. זיכער, ער האט יענע אויפ־גאבע פ א ר ל ו י ר ן; נישט געהאט, נאך וואס צו קומען מער... א, ער האט מיך אויסגעפאלגט, א פארצווייפלטער, ביז לעצט...

— איך בין, אינגיכן, אפגעפארן פון דארט. צעריסן מיט די קינדער, מיט דער שטאט... דאס הארץ האט גענאגט, ווי נאך אן ארט, וואו דו לאזסט איבער אזויפיל... געפרואווט פארטינקען אין גרויסשטאטישן טומל, ווערן געשלעפט, מיטגעריסן — אומזיסט. מיך נישט אויפגעהערט פרעסן דער ווארעם, די פיין פון יענעם עלנטן קינד... צי האט ער פאר־שטאנען? א, צי האט ער געוואוסט?!...

—...לאנג ווארטן האבן אידן באדארפט. ביז וואנען, די כוואליע פון פראגרעס האט גענומען אפפלייצן; אויסגערונען; זי איז נישט געווארן... עס האבן פאסירט, אונטערדעסן, זאכן אף דער וועלט. די אלטע מעשה. אידן האבן אנגעהויבן קרינן געשלאגן. געבליבן צעטומלט, צוערשט; אי־בערגעשראקן אף טויט... נאר, גלייך — זיך־גענומען אטשוכען; קומען צו זיך. אידן האבן, ווי פון א הינערפלעט, דערוואכט. ארומגעקוקט. זיך־גענומען דערקענען; איינס דאס אנדערע... עס האט דורות'דיקער שטאלץ אויפגעשלאגן פון דער טיף... א, לאמיר צוריקקערן צום אייגענעם קוואל; ווייל, מיר ווילן לעבן בלייבן. נאר, נישט לייקענען מער אין דעם טאטן, דעם זיידן — אינעם אייביקן אידישן געשטאלט...

— מע האט זיך געשלאגן על־חטא אומעטום... אין איינעם א טאג. דערהאלט איך א בריוו פון יענער שטאט... „...מע בעט מיך, מוחל־זיין דעם טעות מיט מיר. פארפאלן. געווען אזא צייט בא אידן. אומעטום. א פאר־בלענדזעניש... נאר, איצט, ווייסט, אז אלע קוקן אייך אויס. א י ר זענט דער לערער..."

— איך האב לאנג געטראכט, און געענטפערט: „...נו, און די קינ־דער?... אן זיי איז אלץ געווענדט... ווען זיי געדענקען נאר אינעם לערער... („אן אנצוהערעניש אזא...") א, ווען ער ווייסט דאס איינע פון זיי..."

— איר הערט, חברים. איר דערמאנט זיך נאך, א ווודאי, ד י ק ו נ ס ט, ו ו י מ ע מ א כ ט ג א ל ד... עס האט געלוינט די פיין; יענע גאנצע מאטערניש, ביז א צינד... דער געגארטער בריוו האט נישט פארזוימט צו קומען. ער בלענדט דאס אויג. דאס הארץ... קינדער,

וואו מע טוט זיך א קער. א פולער בריוו. עס איז פול די שול מיט זיי, די טייערע... נישט זיי בעטן. רעדן צו א חבר: „...לערער. מירן ווארטן אף אייך, אלע איינעם. מיר דארפן אייך האבן. זאגט, ווען וועט איר קומען?...״

---

אַן ערנסטער, פאַרטראַכטער, האָט רעזקין פאַרלאָזן דעם רעסטאָראַן. אַרויס אין דרויסן, מיטן געדאַנק צו גיין אַהיים, וואוהין עס האָט אים, ערשט, פּלוצים, אַ צי־געטאָן, מחמת עפּעס; גענומען אונטעראיילן זיינע טריט; אַרויסגעשלאָגן אַ בלאַסן שמייכל אױף זיין מיד פּנים... באַלד, האָט ער זיך באַהערשט; ווידער אַריין אין געלאַסענעם טראָט, אײבערלעגן־זיך, באַדענקען... עס איז געוואָרן קענטיק, וויאַזוי  י ע נ ע, ס'אָקאָרשט־אויפגעבליצטע אין אים, מיט פרייד — לייגט זיך שוין שווער אױף זיין געמיט אַצינד; ווי אַ לאַסט, אַ געראַנגל, וואָס בויגט און גלייכט אוים, אַלציינס; נאָר, דער אומרו טרעט נישט אָפּ...

ער האָט נישט געענדערט דעם מאַרשרוט, רעזקין. געגאַנגען צו זיך אַהיים, מיט אַ רוישיקער קאָמערציעלער גאַס, אין דער אָנסע־געגנט... ער האָט זיך פאַרגלייכט מיט אַ גרוים קאַפע־הויז. פון אינעווייניק, האָבן אים, איצט, באַמערקט אייניקע שרייבער; געזעסן לעבן דעם ריזיקן פענצטער, באַ אַ טישל; און, ווי אינסטינקטיוו, האָבן זיי אים אַ רוף־געטאָן, דורך דער שויב. באַלד, איז געוואָרן קענטיק אױף זיי די חרטה פאַרן געטוענעם... נאָר, עס איז שוין געווען שפּעט. רעזקין האָט זיך אומגעקוקט; באַמערקט די חברים; און, מיטיינמאָל, איז ער געבליבן אויסגעלייטערט און רואיק. אויסגעגלייכט, ווי מע וואָלט, מיט דער האַנט, אָפּגעטאָן פון אים  י ע נ ע  לאַסט, דעם געראַנגל. דאָס פּנים באַ אים האָט זיך דערוואַרעמט. קענטיק געווען אױף אים די פרייד פון דער באַגעגעניש. און, ער האָט זיך געלאָזן אױף אינעווייניק, צו זיי...

...אים, רעזקינען, האָט מען נישט ליב־געהאַט איבעריקס צווישן חברים־שרייבער. ער איז זיי פאָרגעקומען אויסטערליש, שיר נישט מיסטעריעז, מיט זיינע גענג; אַזוי אויך, מיט זיין שרייבן. מע האָט נישט געוואוסט קיינמאָל אױף רעכט, וואו ער צעבייט זיינע טעג; געוועבט וועגן דעם אויסדאַכטעניש אַלערליי, וואָס האָבן אים באַלד נישט אַרויסגעשטעלט אױף־יענער־זייט־פון־גוטס־און־שלעכטס... נאָר, ער אַליין האָט

קיינמאָל נישט געפּרואווט פאַרוואַרפן א וואָרט דערוועגן. אז מע האָט אים פאַרטשעפּעט, — האָט ער געשמייכלט; עס אָפּגעשוויגן... דאָס פלעגט נישט צופרידנשטעלן קיינעם. געלאָזן אויפגערעגט, מטושטש... אַנדייטונ-גען פון דעם, אַלערליי שפּורן פלעגט מען געפינען אין זיינע שריפטן. ער האָט געשריבן — שטאַרק-סוביעקטיוו; און פאַרעפנטלעכט אַסאַך... אָ, ווען מע זאָל וועלן אַלץ גלויבן, וואָס ער דערציילט!... אָבער — מע האָט עס צוגעזען — ער, האָט זיך ביטרע געשיצט הינטער דער נישט־דורכקרייצבאַרער מחיצה פון זיין געשריבענעם ווידוי; פריי אַראָפּגע־רעדט פון האַרץ, געלאַכט, געזונגען, געצערנט; און, פאַר דיר געלאָזן בלויז די נאָבעלע ראָל — אים צו אַנערקענען; אַפּלאָדירן זיין מוט...

...אַליין מיט אַנאַנדערן; האָט עס געפירט דערצו, אז מע האָט קיינמאָל נישט געקאָנט שטעלן קלאָר דעם געדאַנק וועגן זיין שרייבן; אַנגיבן גע-נוי דעם תחום — וואו עס ענדיקט זיך די לעבנס־פּאַסירונג, — דאָרט, אין ערגעץ, מוז זיך דאָך אָנהויבן דאָס געדאַכטע, די קונסט...

...נאָר, דאָס זעלבע — כאָטש, אין א אַנדער זין — האָט פּאַסירט בנוגע אים אַליין, רעזקינען. אז ער האָט גערעדט, דערציילט זאַכן, — האָט מען קיינמאָל נישט געוואוסט אַף רעכט — צי מיינט ער דאָס ערנסט; אָדער, דאָס לאַכט ער גאָר אויס דיך, אַצינד, פון קאָפּ ביז די פיס... ער האָט ליב-געהאַט צו רעדן אַסאַך, און מיט ברען, זיך-צעזונ־גען, צעשטורעמט — פלעגט ער דיך מיטרייסן מיט זיך, ער האָט דיך גע־נומען, דערהויבן... און, פלוצים — בלייבסטו שטיין, ווי פאַר א מיספאַר-שטייעניש. דו שפּירסט — ער האָט דיך פאַראַטן, דער אויסוואורף; פאַר־פירט אַף א הויך; ער האָט באַ דיר דעם באָדן פון אונטערן טראָט אָפּער־געשטווילט... אַצינד, שטייט ער, אַליין, באַ דער זייט, דער געמיינער יונג; וואַרפט בליקן צו דיר — אַקוראַט, ווי נישט אים מיינט מען; א וודאי, שפּאָט ער דיך אויס, דיין לעבערלעכקייט...

...נאָר, חברים — צי איז דאָס שוין ריכטיק אַזוי? מע מאַכט נישט, אַמאָל, ווידער א טעות מיט אים?!

...וואָרום, ווען מע קוקט זיך, איצט, גוט איין אין זיין פּנים — פון דעם, וואָס שפּאָט אויס ד י ר, — אַזוי קומט ער דיר פאָר טראַגיש ביז-גאָר; אין גרויל; פאַרלאָרן... און, ער לאָזט דיך אַליין אין פאַרווירונג...

...ער איז א מיספאַרשטייעניש, אָט דער גאַנצער רעזקין. ער שטויסט דיך אַוועק; און, ער צים דיך צו זיך, אַף צוריק — אַזוי, אינעם לעבן; און, אין זיין שרייבן, וואָס איז אַזוי אומאָפּטיילבאַר פון אים אַליין. ער רעדט, און רעדט, און דעררעדט נישט. ער פלאַקערט אויף, ער צעשטו-רעמט; און פלוצים פאַרהאַקט ער זיך, ער בלייבט שטום. עפּעס, ווי' עס וואָלט געהויערט איבער אים א בייזער טראַף, א גורל, וואָס לויערט אַף זיין פאַרמעסט; און ער, רעזקין, ראַנגלט זיך מיט אים, עקשנות'דיק,

פארבּיסן... אָבער, אַז אים וועט זיך, אַמאָל, איינגיבּן צו באַפרייען פון י ע נ ע ם; און ער וועט אויפגיין פאַר אייך — אַליין, אַזוי ווי ער איז!?...

* *

רעזקין איז אַריינגעקומען, איינגאַנצן אַ צעשמייכלטער; זיך־צוגע־זעצט צום טישל, באַשטעלט אַ קאַווע; און, באַלד געהאַט גרייט צו דער־ציילן עפּעס.

די חברים האָבּן אים נישט פאַרהאַלטן. געוואוסט, אַז אים טאָר מען נישט שטערן, ווען מע וויל הנאה־האָבּן פון זיין רעדן. דאַרויף, אייגנט־לעך, האָבּן זיי אים דאָך איינגעלאַדן...

—...איר הערט. איך האָב געהאַט אַ באַקאַנטן; האָט ער גע׳פּועל׳ט באַ זיך, אַז ער מוז ווערן אַ גרויסער שרייבּער. עפּעס האָט אים דאָך באַ־וואויגן דערצו!

— איך האָב נישט געוואוסט פון דער גאַנצער זאַך. איך נעם, פּלו־צים, באַמערקן, אַף פאַרשיידענע אויפטריטן, איינמאָל, אַ צווייטס: עס קוקט צו מיר אַ יונגערמאַן; ער זעט נישט אוים שלעכט; נאָר, מיר איז ער לחלוטין אומבאַקאַנט; און, ער קוועלט. אַ גדולה אַף אים...

— די זאַך ווערט אויפגעקלערט. פרייד, באַ היינטיקע ציַיטן, אַ זעל־טענער קוואַל. לאָמיך אויך פאַרזוכן...

— איך רוף אים, איינמאָל, צו...

„— וואָס איז אייער באַגער?”

„— אַ גרויסער שרייבּער ווערן, אַ פּאָעט!” — שיסט ער אוים, אַ גליקלעכער.

„— וואָס עפּעס, פּלוצים?!”

„— ניין, נישט פּלוצים. איך גרייט מיך שוין דערצו פונלאַנג. אָנ־געהויבּן קומען צווישן שרייבּער, אינטעליגענטע מענטשן; כ׳זע — ס׳איז נישט געפערלעך...”

„— נו, און לייענען ביכער... האָט איר עפּעס... און וועלכע?...”

— נאָר, דער יונגערמאַן האָט מיך איבערגעשלאָגן, מיט אַ גע־לעכטער:

„— אָ, זעט איר. איך היט מיך פאַר זיי, ווי פאַר פייער. וויל נישט אַרונטערפאַלן קיינעמס איינפלוס. א ל יי ן וויל איך בּלייבּן, טריי מיין טאַלאַנט.”

— איך האָב אים אָנגעקוקט, דעם פויזעם. וואו האָט ער שוין באַ־וויזן דאָס צו כאַפּן?!

„— נו, און וואָס פאַרלאַנגט איר פון מיר?”

„— לערנען. איך בין דאָך נאָך אַזוי קליין לגבי אייך!...”

— און איך האָב אויסגערופן, אויך מיט פרייד:

„— וואויל, יונגערמאַן; איר געפעלט מיר. איך וועל אייך לער־נען...״

— איך האָב אים אַרויסגעפירט אַף אַ ברייטער רווישיקער גאַס. עס איז געווען אַ העלער פרימאָרגן, אַ זוניקער. מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן אַף אַ ראָג. איך האָב אָנגעהויבן:

„— איר ווייסט, קונסט איז אַ טיפע זאַך... מע האָט אויסצושטיין פיל ליידן, ביז מע דערשלאָגט זיך צו עפעס... מע מוז, אָבער, בלייבן דער־צידירט, עקשנות׳דיק — פונקט, אַזוי ווי איר, חבר — זיך נישט אָפּ־שרעקן פאַר קיינעם; דאַן, איז דער רום געזיכערט...

„— איך אַליין געדענק; מיט יאָרן צוריק... בין איך געקומען, מיט אַ פּאָעמע, פאַר אַ גרויסן קריטיקער. געענדיקט לייענען; מאַכט ער צו מיר, אַזוי טויט-ערנסט:

„—...איך גיי אַפּן אינזל...״

„— און, נישט-וואָרטנדיק אַף קיין פראַגע; נעמט ער באַלד דער־ציילן פון נירון־קיסר. וועלכער האָט זיך אָנגעגיבן, אַלס גרעסטער פּאָעט פון זיין צייט. ער האָט געוואַרט אַף אָנערקענונג. נאָר, זי איז נישט גע־קומען... איינמאָל, האָט ער געלאָזן רופן צו זיך דעם הויף-דיכטער. ער האָט פאָרגעלייענט פאַר אים זיינע אַן אָקאָרשט-פאַרענדיקטע פּאָעמע, און גלייך געפאָדערט דעם „פאַרדינטן״ לויב. נאָר, יענער איז געבליבן קאַלט, ווי אייז. האָט נירון־קיסר אויפגעצערנט, און אים פאַרשיקט, אַף אַ יאָר-צייט אָפּקומעניש, אַף אַ אינזל... דאָס יאָר איז אַריבער. דאַן, לאָזט נירון ווידער ברענגען פאַר זיך יענעם גע׳קנס׳טן דיכטער. פאַר דער צייט, האָט ער, דער קיסר, אָנגעשריבן אַ נייע גרויסע פּאָעמע; און ער טרעט גלייך צו זי לייענען פאַר אים... נאָר, ער האָט נאָך רעכט נישט באַוויזן זיך־צעוואַרעמען; ערשט, יענער שלאָגט אים איבער, אומגעדול־דיק; זיך-אויפגעשטעלט, געמאַכט אַ טראָט...

„—...וואוהין גייסטו?!״ — פרעגט אים נירון, צאָרניג-דערשטוינט.

„—...צוריק אַפּן אינזל...״ — האָט געענטפערט, אומפאַרזאַמט, יע־נער ווירדיקער דיכטער...

„— און, דאָס זעלבע, צו מיר — מיין אייגענער קריטיקער... נו, מיינט איר, יונגערמאַן, אַז דאָס האָט ווינציק געקרענקט? נאָר, דער אמת׳ער טאַלאַנט טראָגט גלויבן אין זיך; פונקט, ווי איר, מיין פריינט. און, מיט גלויבן, זעט איר, קומט מען אַלץ איבער...

— און, איך האָב ווייטער גערעדט...

„— איר האָט געפרעגט, דוכט מיר, וואַזוי מע קומט **איבערן ערשטן ליד**. באַ איטלעכן פּאַסירט עס פאַרשיידן. עס איז באַ מיר צוגעגאַנגען אַזוי...

„— מיט יאָרן צוריק, בין איך אריינגעקומען אין אַ שטוב, צו מײַנע פריינט, אַ יונג פּאָרפאָלק. ביידע, ער און זי, זענען געווען אינטעליגענטע מענטשן; געהאַט מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט, דיסקוטירן, פאַרברענגען. איך בין געקומען אָפט אַהין; צוגעבראַכט שעה'ן, זיך אָפּגערוט גייסטיק; איינגעזען, אַז מיין אָנוועזנהייט איז ניחא.

„— אגב, בין איך נישט געווען דער איינציקער אריינגייער אַהינצו. עס פלעגן קומען נאָך יונגע מענטשן; אייניקע שרייבער; דער באַקאַנטער פּאָעט ק. אַ חוץ אַנדערע פּאַרנעמע לייט. עס איז גֶעווען אַ חיות דאָרט צו פאַרברענגען די צייט. אַז איך האָב געפעלט פון דאָרט, — האָב איך אַהינצו געבענקט; אַליין זיך נישט אָפּגעבנדיק קיין רעכענונג — פאַרוואָס.

„— ווי עס פירט זיך, געוויינלעך, בײַ מענטשן; בײַ יונגע, דערצו, — זענען מיר, אַלע אריינגייער, געווען „שטערבלעך" פאַרליבט אין דער יונגער פרוי; און, זי איז אָפּט געווען די איידעלע טעמע פון אַלע אונזערע געשפּרעכן וועגן ליבע און אַנדערע צאַרטע מאַטעריעס... דער מאַן אירער — אַ גוטער האַרציקער חבר, און אַ דערצויגענער מענטש; דערצו, נישט קיין שוטה — ער פלעגט, דערביי, גוטמוטיק שמייכלען; אַליין, זיך נישט באַטייליקט אינעם געשפּרעך; אָפּט, אונטערגעדריקט אַזאַ גריטאַסע, וואָס האָט געהאַט אַ פאַרדעכטיקע קרובה'שאַפט מיט אַ פּשוט'ן געניץ; און, אַז מע פלעגט צושטיין צו אים, ער זאָל אויך אריינבראָקן אַ וואָרט אין דער דיסקוסיע — ווייל, נאָך אַלעמען, וואָס ווייסן מיר; אָבער, ער..., — פלעגט ער דאַן צעפירן ביידע הענט, ווי אַן אומבאַהאָלפענער; און אונז אָנגעקוקט, ווי איינער רעדט: — מיט וואָס קלוגע מענטשן פאַרנעמען זיך!...

„— אַ אַנדערש מאָל, ווידער, איז געשען, אַז ער פלעגט נעמען איראָניזירן איבער אונזער אָנגעהיצטן עקסטאַז צו זיין חבר'טע. אונז אַלעמען האָט עס אַזש אונטערגעטראָגן, פון ערנהאַפטן צאָרן און באַליידיקונג...

„—...ווי דערוועגט ער זיך אַזוי צו רעדן פון זיין פרוי? וואָס ווייסט ער פון איר?"

„— דער מאַן איז דאַן געבליבן שטיין, אַ געפּלעפטער...

„—...וואָס דען, איר ווייסט?!"

„—אָבער, מיר האָבן נישט נאָכגעגיבן...

„—...ווער דען — איר ווייסט? איר ציניישער פּראָזאַאיקער, וואָס איר זענט!..."

„— ביז, מע פלעגט זיך נישט כאַפּן, פּלוצים, ביידע צדדים פאַראַמאָל, אַף ווי ווייט קאָמיש מע דאַרף עס פאַרקומען איצט; און, דער וויכוח האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ געלעכטער-אויסשאָס...

„— מיט דער צייט, איז דער קרייז ארייננייער אויסגעברייטערט געוואָרן. עס האָט זיך, אזוויווי פון זיך אליין, געשאפן א פרינציפ, דאָרטן אין הויז, אז: ווער עס קומט אריין אהינצו, — מוז זיך גלייך פארליבן אין יענער פרוי; און ווערן פארבלענדעט פון אלע אירע מעלות און חסרו־נות, וועלכע זענען אויך מעלות, אָדער — ערשט די אמת'ע מעלות — אזוויווי עס איז דער שטייגער אומעטום, בא פרויען און פארליבטע. יעט־ווערע גלייכגילטיקייט מצד וועמענען פון די ארייננייער, איז אָפגעשאַצט געוואָרן, באלד אפן אָרט, ווי אן אומדערצוויונקייט פון יענעם; דאָס הייסט, אז ער איז נישט קיין איידלמאַן; און, במילא, איז ער, פראָסט־פשוט, אומדערטרעגלעך, און ער האָט דאָ מער גאָרנישט וואָס צו טאָן. אזוי, אז זיין קאַריערע דאָ, אין הויז, בלייבט ליקווידירט אף תמיד.

„— עס איז נישט איבעריק צוצוגיבן, בא דער געלעגנהייט, אז אונזער ליבע צו יענער דערהויבענער פרוי האָט אימער געמוזט פארבליי־בן א פארצווייפלטע און א האָפענונגסלאָזע. דאָס איז געווען אזא מין קאַטעגאָרישער אימפעראַטיוו; דאָס הייסט, אז זי, די ליבע, האָט קיינ־מאָל נישט געטאָרט האָבן קיין אויסזיכטן — אפילו נישט, אין דער ווייטער ווייטעניש אריין — צו ווערן, ווען־עס־איז, א מציאות... יענע וואָלט באלד פון אלעמען באטראַכט געוואָרן, ווי די גרעסטע פארשווע־כונג, אומדערצוויונקייט; מאנגל אין רעספעקט, טאַקט און אין אלע אנדע־רע איידעלע איידלקייטן; און, יענער חצוף־מחוצף וואָלט, דורך דעם אליין, געוועזט, אף א גוואלדזאמען אופן, אָפגעבראָכן מיטן קאָלעקטיוו...

„— אזוי אָבער — האָט זיך געהאַט איינגעשטעלט אן ערפּוכטיקע דיסטאַנץ, א גרעניץ צווישן יענער זעלטענער פרוי — דער געטין, און אונז, אלע ארומיקע, די פריסטער... אָט די גרעניץ — אן אומזעבאַרע; און דאָך, א רעאלע — האָט ארויסגעשטראַלט פון דער פרוים אלע באַ־נעמונגען; פון איר צוגעלאָזנקייט און פון איר ליבלעכקייט, וועלכע האָט געלאַשטשעט, און איינגענומען, און באַרואיקט... אזוי, איז זי געווען אלע־מענס אינספּיראַציע באַגלייך; א מין פּאָעטישע וויזיע; וואָס טאָר זיך שוין מער קיינמאָל נישט ארונטערלאָזן צו קיין פּראָזאַאישער ווירקלעכ־קייט; נייערט, אימער פארבלייבן שוועבן, אן אבסטראַקציע, אין די רוי־מען און, אף אונז אלעמען, אויסשטראַלן איר ליכט, איר גענאָד...

„— באזונדערס אָבער, איז זי געוואָרן די אינספּיראַציע פון די עט־לעכע שרייבער אין אונזער משפּחה, און פונעם באַקאַנטן פּאָעט ק. אז עס איז געקומען אפן אָוונט; און מיר אלע האָבן זיך אויפגעזאַמלט אין יענעם הויז, — איז געווען א נחת זיך־צוצוהערן צום שאַרפן וואָרט־גע־פעכט, וואָס האָט, פּלוצים, גענומען שלאָגן פון אלע זייטן. עפּעס זענען אלע פאראַמאָל געוואָרן אזוי קלוג, שאַרפזיניק, בליצאַרטיק — א פּחד. אזוי, אין געוויינלעכן לעבן, האָבן זיך קיינס פון אונז נישט געקאַנט פאר

אזא שרעקלעכן חכם. פארקערט, מע פלעגט אפט צוזינדיקן מיט גאנץ־היבשע שטות׳עריילעך. זי, דאָ, פאראמאָל, גיי־ווייס, אז אין אונז שטעקט אזויפיל חכמה; קוואלן גאַנצע האָבן זיך צעעפנט; געשלאָגן צו יענער זעלטענער פרוי, צו אירע טריט; אז זי זאָל זיי באַשטראַלן מיט איר באַשיידענעם שמייכל, אונזערע אָרעמע קוואלן...

„— גאנץ אַנדערש אָבער איז צוגעגאנגען דער קאמף צווישן די עָלטערע שרייבער. און דעם באַקאַנטן פּאָעט ק. זיי האָבן זיך גענומען אויסטיילן פונעם גאַנצן ארום; און, עפּעס ווי געמאַכט אונז אַלעמען פארזעען... און, ערשט בא זיי, אין דער ענגער שרייבער־גרופּע, האָט דער קאַמף גענומען ווערן אַ מסובכ׳ער. דער פּאָעט ק. האָט געטאָן נישט מער, ווי איין קלייניקייט — און געבראַכט, יעדעם מאָל, אַ ליד וועגן ליבע, געווידמעט אונזער יונגער פריינטן... מיר אַלע, אַף־דער־וואָך־שטייענדיק, — האָבן גענומען צוזען, מיט האַרצקלאַפּעניש, וויאַזוי — מיט יעדעם ניי ליד, וואָס דער פּאָעט ק. פארפאַסט, — דערנעענטערט ער זיך צו איר אַלץ מער — אַריבערשפּרייזנדיק יענע אומגעזעענע גרעניץ, וועלכע איז פון אונז אַלעמען געוואָרן אַנגעצייכנט און, מיט אַזויפיל אייפער, איינגעהיט... אָבער, זי, די פריינטן אונזערע, זעט דאָס אַלץ צו — זיין געוואַגטקייט, זיין דרייסטן שטייגן, — און, זי שווייגט; און, זי שמייכלט... יענע, ווידער, אָרעמע פּאָר שרייבער, די פּראָזאַאיקער, האָבן געפּרואווט קריכן פון דער הויט; און, אַזוי־ווי קיין לידער זענען בא זיי נישט אַרויסגעקומען, — האָבן זיי געבראַכט צוטראָגן אַ זעלבע מיני לי־דער־אין־פּראָזע. דאָס דאַזיקע האָט זיך, אַן־און־פּאַר־זיך, גאַנץ גוט גע־לייענט. אָבער, אין פארגלייך מיטן פּאָעט ק׳ס לידער, האָט עס נישט אויסגעהאַלטן די פּראָבע; געבלייבט־זיך, נישט־געוואָרן...

„— באַזונדערס, איז מיר פארבליבן אין זיכרון איין פרעך ליד פון יענער צייט, פון דעם פּאָעט ק.; און, איך קאָן מיך נישט אָפּהאַלטן פון ציטירן עס דאָ אינגאַנצן. אַזוי שטאַרק איז געווען דער איינדרוק פון דעם אַף אונז אַלעמען...

„...אָ, רייס אַרויס פון האַרץ דיין טרוימען,
צו די בלויע הימל־רוימען
דיין נאָר אימער־אימער שטרעבן,
אָ, הויב שוין אָן צו לעבן...

„זאָל אַ יונגער שטאָלצער שמייכל
דיך אַריינפירן אין אַ היכל
פון אַ פרוואַישער נשמה,
אָ, נסמה, ווילד־נסמה

„זאָלסטו נעמען אָן די פּריסטער,
דיינע גרויזאַמע פאַרוויסטער.
נאָר דיין בלוט געדעמפּט צום הימל.
אָ, צעטרייסל זיך פון שימל!

„און, מיט אַ מעסער אין די ציינער,
ווארף אין קאַמף זיך־איין, דו — איינער,
פאַר אַן ערדישן פאַרגעניגן,
קעגן אַלע — זאָגן ליגן...

„נאָר, נישט וויל זיין העכער, ריינער.
נאָר, נישט וויל זיין גלייך מיט געטער.
וואָס איז — לעבן, ווייסט נאָך קיינער.
און, אַלץ פאַרפוילט ווערט, מיט הארבסט־בלעטער...

„לאָז־זשע, ווידער, זיך־צעפלאַקערן אין דיין וועזן
די, דורך־דיר־דערשטיקטע,
יונגע קרעפטיקע פאַרלאַנגען.

לאָז־זשע שיכור'ן דיין האַרץ
מיט פרויען־ליידנשאַפטלעכע געזאַנגען.

לאָז־זשע נעמען אַלע הימלען־בלויע,
מיט די שטערן, מיט די טרוימען,
און צעשטער זיי, און פּ אַ ר ד אַ ר ב.

און צעמאָל, און טו אַריין זיי
אינעם בעכער פונעם לעבן,
וואָס אַ שיינע פרויען־האַנט דיר שטרעקט אַנטקעגן —
דו, טרינק עס אויס, א ו ן שט אַ ר ב !...”

* *

„— און, די צייט איז זיך אַזוי געגאַנגען, אַ שווערע, אַ פּיינפולע, ביז, מיר האָבן, איינמאָל, גענומען צוזעען, מיט גרויל, וויאַזוי די זאַכן נעמען זיך בייטן אַפן אויג. אַצינד, איז שוין נישט מער דער פּאָעט ק. געשטיגן, מיט זיין געזאַנג, און געטאָן זיך דערהויבן אַלץ העכער צו און־זער פאַרהערלעכטער אַנטפּלעקונג, — נייערט, גאָר פאַרקערט! דאָס האָט

זי געגומען ארונטערציען פון זיך אלע יענע דיכטערישע שלייערן; ווער־רן אוים פּאָעטישע וויזיע; נידערן פון איר פּיעדעסטאל... אזוי, קומט זי צו אלץ־נעענטער צו אים... אזוי ווי איך, ווי דו, אזוי ווי מיר אלע, פשוטע איינפאכע מענטשן... אזוי, גייט זי אים טראגן אנטקעגן איר פרייד, און איר לייד, איר שמייכל, און איר טרער. איר גליק, און איר פּיין — פאר אזויפיל צייט עלנט־זיין, צווישן ווילדע אומדערטרעגלעכע סוביעקטן, וועלכע האבן, אזוי ברוטאל־אידיאטיש, געלייקנט אין איר בלוט, אין איר ווארעמען אָטעם, אין איר לעבנס־צאפּל; געגומען איר, א לעבעדיקע, פארשטעקטע אין די הויכן; וואו זי זאל פרירן אליין, און איינשרימפן; און, פאר דער צייט, פארגיין...

„—...צו דיר, א, מיין חבר ק. מיין ליבער און איינציקער פּראָזא־איקער, געהער מיין אנטדעקטע נשמה, מיין לייב...״

„— בקיצור; די געפאר, ווי מע זעט, איז געווען א פירכטערלעכע.

*　　　　*

„— צו יענער צייט, האב איך מיך שוין געהאט געשניטן אף אן ערנסטן מענטש, און פיינט־באקומען צו נעמען זאכן לייכט; באזונדערס — יענעמס זאכן. דאָ, מוז מען האנדלען אידעאליסטיש. אליין, צו זיך, און צום אייגענעם לעבן אפילו, קאָנסטו האבן די מינדסטע באציונג. בנוגע יענעם אָבער — וואכזאם, חבר!

„— איך האב גוט צעגומען, וואס דאָ טוט זיך; און, ארייננטראכטנ־דיק זיך ערנסט אין דער זאך — אזוי ווי איך האב געקאָנט, — בין איך געקומען צום שלום, אז — דאָ מוז געבוירן ווערן נאך אזא מין פּאָעט, ווי דער ק. וועלכער זאל אים זיין אן איבערשלאָג. ווייל, פּאָעזיע קאָן בלויז געשלאָגן ווערן מיט פּאָעזיע גופא, גישט מיט עפּעס אנדערש... עס מוז אים אנטקעגנקומען, דעם פּאָעט ק. אזא מין קעגנגעוועכט, ווי ער אליין איז — אז, ביידע זאלן זיך איינעמען איינס־אין־דאָס־אנדערע, מיט די ציין, און מיט די נעגל; זיך־פארניכטן, אומברענגען קעגנזייטיק... דאן, וועט זי, די ליבע הארציקע אידעאלע פרוי, זיך־באפרייען, פארייננמאל, פון דער ערדישער פּראָזאאישער לאסט, וועלכע ציט איר, אזוי־ברוטאל, אראָפּ; און, ווי א ליכט־שטראל, וועט זי א פלאטער־טאָן ארויף, צו די ריימען; פונוואנען זי וועט ווידער נעמען אויסשטראלן איר גנאד, איר ליכט, אף אונז אלע, אָרעמע גייסטער, באגלייך; ווי געווען...

„— ווי מע זעט, איז דער פּלאן געווען ערנסט־אויסגעבעט, ווי מיין שטייגער איז געווען; און, מע האָט געדארפט נעמען ערנסט צוטרעטן צו זיין פארווירקלעכונג. עס האָט געפעלט בלויז דער צווייטער וואָגיקער פּאָעט, קעגניבער יענעם לין. דעם ק. — איין קלייניקייט!

„— אָבער, אַלס ערנסטער מאַן, — האָב איך מיר איצט געפּרואווט נעמען צו הילף אַזאַ מין ערנסטן ענין, ווי פילאָזאָפיע. אַז מע דאַרף, האָב איך מיר דערמאָנט פּליצים, ווי דער פילאָזאָף האָט געזאָגט, אַז — ווען גאָט וואָלט נישט געוועזט עקזיסטירן, וואָלט מען אים געמאָגט אויסקלערן, צוליב די מענטשן... איך האָב, נעמלעך, באַשלאָסן — צו ווערן אַליין דער צווייטער פּאָעט... איי, טאַלאַנט? — ווען ער איז נישטאָ, מאָג מען אים, בשעת־הדחק, אויסטראַכטן...

„— איך האָב מער נישט פאַרלוירן קיין צייט; זיך גענומען גרייטן צו מיין נייער אויפגאַבע... תחילת, האָב איך אָנגעהויבן נאָכצומאַכן דעם פּאָעט ק. אין אַלעם אויסערלעכן: אַזוי, אין זיין הולך, האַלטן־זיך, באַנעמונג, רייד, באַוועגונגען... ער האָט געהאַט אַ טבע אונטערצוהוסטן, בעת'ן רעדן. מעגלעך, אַז עס האָט זיך בא אים גענומען פון אַ מיחוש אַזאַ. דערביי, פלעגט ער זיך אַ כאַפּ־טאָן פאַרן האַרצן. שפּעטער, מיט דער צייט, האָט דער מיחוש אָנגעהויבן אָנצונעמען בא אים אַ מאָדנע װענדונג; נעמלעך, אַז — אָנשטאָט זיין אייגן האַרץ, האָט ער גאָר, באַם פאַרהוסטן־זיך, אַ כאַפּ־געטאָן באַם האַרצן י ע נ ע ם. לעבן וועמען ער איז, בעת־מעשה, געשטאַנען... מע פלעגט עס נישט וועלן ליידן. נאָר, ער האָט זיך פאַרענטפערט, אַז — נישט זיין שולד דערביי; דער מיחוש... און מיר, פּאָשעטע מענטשן, וואָס ווייסן מיר אין אַ זעלכע זאַכן? פּילייכט, האָט דאָס גאָר צו טאָן מיט זיין טאַלאַנט... האָבן מיר געשפּאַסט, און אָפּגעשוויגן... אָבער דערנאָך; אַז דאָס זעלבע האָט שיר נישט געזאָלט נעמען פּאַסירן, אין דער נאָענט פון אונזער חבר'טע, — דאָ האָבן מיר אויפגעשטורעמט, אַלע פאַראַמאָל, ווי אָפּגעבריטע; גרייט אים פּלעטן דעם קאָפּ! — אונזער וואָרענונג איז געקומען פאַר אים אַזאַ ערנסטע, אַזאַ דראָענדע, — אַז זי האָט אים, באַצייטנס, געבראַכט צו זיך... נאָר, באַם הוסטן איז ער פּאָרט פאַרבליבן; און דאָס, ווידער, איז שוין אונז נישט אָנגעגאַנגען. הוסטן איז יעדן איינעם דערלויבט.

„— אין מיין געיעג פון נאָכאַמונג, האָב איך אויך גענומען אונטערהוסטן און, עס געמאַכט נישט ערגער פאַר אים... איך האָב אָנגעהויבן ציען אויפמערקזאַמקייט. איך האָב נישט גערוט; געפלאַטערט. איך האָב מיך געשפּירט איצט, ווי אַנטאַרטעט פון יבשה — אָפּן וואַסער, וואו דו מוזט זיין אימער אין באַוועגונג; אַ נישט, איז אַן אומקומעניש!

„— דער פּאָעט ק. האָט גענומען אייגזעען, וויאַזוי זיין אָנזעען בלייכט זיך... די פרוי, אונזער חבר'טע, איז, אין איר גאַנג צו אים, פּלוצים פאַרהאַלטן געבליבן אין וועג... איר האָט געשמייכלט, גערעגט דער נייער געפּעכט. זי האָט עס נישט אויסבאַהאַלטן. זי האָט געקוואָלן. זיך־פאַרגאַנגען אין פרייד. זי האָט גענומען שיינען מיט אַזאַ נאָך־קיינמאָל־פון־אונז־נישט־געזעענער שיין... שרעק, ערפּובט און נאָך עפּעם האָט גע-

צאַפּלט אין אונזער בליקן אַף איר, אין יענע טעג...

„— איך בין פאַרשוואונדן פון דאָרט אַף א וואָך. פרעגט מיך נישט, וו א ו איך בין געווען; וו אַ ס איך האָב געטאָן. איך ווייס נישט. איך וועל אייך נישט ענטפערן. איך געדענק נישט מער גאָרנישט... אָבער, אין איין אָוונט; אז אַלע זענען געווען פאַרזאַמלט, — האָט זיך פּלוצים געעפנט די טיר און — דאַכט־זיך, אז איך בין אַריינגעקומען. יאָ. דאָס האָט געמוזט זיין — איך; וויל, אַלע האָבן מיך דערקאַנט, באַגריסט; גענומען רעדן צו מיר און — פאַריינמאָל, געבליבן שטום... איך, האָב מיך אוועקגעשטעלט, (אָ, די גליקלעכע יוגנט!) אין א מאַיעסטעטישער פּאָזע, קעגניבער דער יונגער פרוי; (וועלכע איז געבליבן, א פאַרשעמטע, מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן); און, מיט א ברייטן קידוש־לבנה־זשעסט, האָב איך אפּערגעצויגן א ראָזעווע בויגן; אים אויפגעוויקלט; אָנגעהויבן דעקלאַמירן, מיט א פייערלעכער שטימע...

„...כ׳וואָלט וועלן, אינמיטן א שיין־טאָג א פּיינעם,
ווען וועלט שטייט פאַרטרוימט, אין איר הייליקן שיינען,
און א ווינטל שטיל לאַשטשעט, שימערירנד ווי ליינען, —

„עס זאָלן זיך, פּלוצים, די הימלען צעשפּאַלטן,
און קומען פון דאָרט זאָל א האַנט, וואָס וועט האַלטן
אונזערע בילדער, באַשטראַלטע, צוזאַמען;

„און דו זאָלסט מיר זאָגן, אויך דאַן, מיט א שמייכל:
— פאַרגעס אָן דיין אומעטיק־הימלשן היכל.
פאַרצוים מיט געמיינע זיך־ערדישע ראַמען...

„עס וואָלט דאַן געבליבן די האַנט שטיין, פאַרשעמט, אין די רוימען.
אַף אונזערע בילדער — פאַרבלייכטע, געציטערט די שטראַלן...
א ווײַלע, און עס גייט אָן א שווער־קרעכץ פון ערגעץ תהום׳ען...
און פּלוצים — פון אונזערע בילדער דאָס שרעקלעכע פאַלן

„אַראָפּ אַף דער פינצטערער ערד, מיט בהלה.
און, עס טראָגט זיך פונאַנדער א גרויזאַמע קללה:

„— אייביקער ערד־שמערץ, פאַר שפּאָטן פון שיין־טאָג פון העלן!

אזוי וואָלט איך וועלן...״

„— ארום מיר האָט געהערשט אַ שטילקייט, אַז איך האָב געענדיקט דאָס ליד. בא דער יונגער פרוי אין די אויגן האָבן געבלישטשעט פּערל. איך האָב מיך טיף פאַרגוויגט פאַר איר און, ווי אַ פאַטאַלער גייסט, פאַרשוואונדן.

„—דער עפעקט פון יענעם אָוונט איז געווען אַ גוואַלדיקער. איך בין, אַף מאָרגן, געקומען, ווי געוויינלעך, אָן די אַלע שטוקעס; זיך־פאַרמישט צווישן פריינט, געשטיפּט, פאַרבראַכט. איך האָב גוט צוגעזען, וויאַזוי דער פּאָעט ק. איז געווען פאַרלוירן, דערשלאָגן... אַ מצווה אַף דיר. זיי נישט קיין דבר-אחר... מיר, אַלע איבעריקע, האָבן זיך ארומגענומען. געפילט, ווי עס קערט אום אין אונזער זעל דאָס גליק פון פריער...

* *

„— נאָר, אַז די טעג זענען געגאַנגען, — האָט מיך ווידער גענומען עפּעס באַאומרואיקן... און דאָס זענען געווען די בליקן פון אונזער יונגער חבר'טע. ווי זיי זענען געוואָרן איבערגעלאָדן מיט טרויער; מיט בענקשאַפט; מיט אַזאַ ווייטער גאָגעניש... צער האָט זיך אויסגעלייגט אַף איר. מוטערלעכער ווייי... דו האָסט צוגעקוקט אירע הענט; ווי זיי האָבן אומגעבלאָנזשעט, עלנט און אַליין, איבער איר שויס; עלנט און אַליין, איבער דער גאַנצער וועלט... און דו ביזט איר נישט געקומען צו הילף דאָן, אין יענער פיינלעכער שעה... גיי, דו נאַר איינער, ליבער אינגל, דו האַרציקער, אויסגעבענקטער... קום אהער צו מיר, אָ, לייג אנידער דיין מידן פּלאַטער־קאָפּ אָט־אָ-דאָ, אַף מיין וואַרעמען, אַף מיין זיסן שויס... מיינע מאַמע-הענט זאָלן אים קאָנען באַרירן, גלעטן, איינשטילן... שטילן די אייגענע אנגסט און פּיין... אָ, אינגל טייערער, זאָג, איז דאָס זינד?!...

„— איינמאָל אינאָוונט, באַם אהיימגיין פון דאָרט; טוט זי מיר אַ זאָג, אין דער שטיל — הלמאַי, איך קום נישט, אַמאָל, צוגיין צו זיי, אין אַ באַטאָג...

„—...וואָס, איך האָב מיך פאַרשוואוירן?!..."

* *

„— זינט דאָן, זענען די געשעענישן אוועק אַסאַך שנעלער, ווי מע האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן. אין איין קורצער צייט, איז, אין אונזער פריינטס הויז, נישט פאַרבליבן קיין זכר מער פון יענעם גייסטיקן גלייכגעוויכט, וואָס מיר, אַלע צוזאַמען, האָבן געהאַט איינגעשטעלט און, מיט אַזויפיל רירנדן אייפער, איינגעהיט... פּאָעזיע, פּראָזע — ווער? וואָס?!... איין כאָאָס, אַ פּלאָנטער, אַ וואַקכאַנאַליע. עס האָט געריסן באַם האַרצן,

דאָס צוקוקנדיק. און אויפשטעלן ווידער, ווייסט איר דאָך — איז שווער...
„— צו יענער צייט, האָב איך געזונגען, מיט טרויער...

„...מיין ליד איז מיין געליבטע,
און, זי באַגערט מיך אָפן.
זי איז ווייב און לייב גאָר,
און, זי וויל נישט זיין מער.

„זי פאַרטראָגט נישט מיינע טרוימען,
מיין געדאַנקען, און מיין קלאָרקייט,
און, מיין קינדערישן פלוידער,
און, מיין גליקלעך־גליקלעך אויסזען,
אַז, איך קוק, אַזוי־פונוווייטנס,
אַף דעם קלאָרן פּנים אירן,
אַף דער איידלקייט פון ליניען,
אַף דעם ברייטן שטערן,
און דעם שווארצן אויגן-פלאַטער,
און דעם פּעך פון אירע לאָקן —
וויפל שיינקייט ס'איז צעוואָרפן
אַף דעם קלוגן ליבן פּנים,
אין די קנייטשן פון איר שטערן,
אינעם שמייכל פון די אויגן
אינעם הילכיקן געלעכטער...

„זי פאַרטראָגט מיך נישט אינגאַנצן,
מיט מיין פּיעשטשען זיך און שפּילן,
מיט מיין ליבע און מ יי ן גליק נאָר —
וואָס איך גיי נאָר אום און כאָלעם,
און דערזע איר קוים — דורך נעפּל...

„אָ, ווי ס'רוישט איר אויף די בלוטן,
אי פאַר בייזקייט, אי פאַר קנאה.
ווען איך קום, אַן אויסגעבענקטער,
און בלייב שטיין, אַזוי פונווייטנס,
אַ צעשמייכלטער, פאַרגאַפטער,
ווי פאַר עפּעס אַ מין זעונג,
וואָס פאַרשווינדט באַלד פון די אויגן,
ווי נאָר מאַכסט אַ שריט צו נאָענט...

„מיין ליד איז מיין געליבטע.
זי איז ווייב און לייב נאָר.
און, זי וויל נישט זיין מער.
און, זי וויל נישט זיין מער.

„זי, האָט מיך געפאנגען,
און, זיך מיר געגעבן,
און, מיט קלוגן שמייכל,
אויסגעקושט מיר טרוימען,
מיין געדאנקען, און מיין קלאָרקייט,
און, מיין קינדערישן פלוידער,
און, מיין גליקלעך-גליקלעך אויסזען,
און, מיך אויסגעשטעלט — א הוילן —
פאר איר הילביקן געלעכטער,
פאר איר קלוגן קניטש בא ליפן,
פאר איר שמייכל אין די בליקן...

„מיין ליד איז ווייב און לייב נאָר,
און, באַגערט נאָך נייקייט.
און, זי וויל נישט מער, ווי פריער,
זיין נאָר מ יי ן געליבטע...

„אָבער, איך האָב שוין געשמייכלט
מיט איר שמייכל אין די בליקן,
מיט איר הילביקן געלעכטער.
מיט איר קלוגן קניטש בא ליפן,
מיט פארלייגטע הענט באם הארצן...

„און, מע ווייסט נישט מער אף זיכער,
ווער בא וועמען איז געפאנגען...”

„— ווי מע זעט, איז די לאַגע געווען פול פיין, און אנגסט. עס איז די איינציקע האָפענונג פארבליבן — דער מאַן... אפשר, וועט ער זיך דערבארעמען און, דער ערשטער, קומען צו זיך...

„— אין א באַטאָג איז דאָס געווען. איך בין געקומען אהינצו צו-גיין; געטראָפן דער פרוי אליין. ווי נאָר איך האָב די טיר געעפנט, זי האָט מיך דערזען, — איז זי געוואָרן פלוצים איבערגעשראָקן, גענומען לויפן. איך האָב מיך אויך דערשראָקן, געמיינט — עס האָט מיט איר

וואָס פּאַסירט; און, גענומען איר נאָכלויפן, אָנכאַפּן הילף. אַ פּנים, זי האָט מיך, אין יענעם מאָמענט, שלעכט געהערט, צי פאַרשטאַנען... אָבער, זי איז געלאָפן ווייטער; און איך — אויף־טויט־איבערגעשראָקענער — נאָך איר. פון איין צימער, אין צווייטן. זי איז אריין אין שלאָף־אַלקער. פון דאָרטן ווייטער לויפן איז נישטאָ — וואוהין... אַזוי ווי זי האָט נישט גע־שריגן, האָב איך אויך געשוויגן. אָבער, וואָס קומט דאָ פאָר?!...

„— מיטאמאָל, איז, אויף דער שוועל, אויסגעוואַקסן דער מאַן. אין אַ פּנים, איז ער צו צו מיר:

„—...וואָס קומט דאָ פאָר?...״

„— ערנסט גערעדט, האָב איך נישט געהאַט, וואָס צו ענטפערן. איך קום אריין, איך זע — זי לויפט, אַ דערשראָקענע; מסתמא, עפּעס פּאַ־סירט — לויף איך איר נאָך. וואָס ווייס איך?

„—...ווער דען — א י ך ווייס?!״

„—...ווער דען — א י ך ווייס?!...״ —

„— וויאַזוי איך בין ארויסגעפּלויגן פון דאָרטן, אין יענער מבולבל־לער שעה, און נישט געבליבן בריסוק־אברים, — איז דאָס, עד־היום, פאַר מיר אַ סוד... נאָר, ווען איך בין געקומען צו זיך און דערזען, אַז איך קאָן נאָך גיין, — איז מיך באַפאַלן אַ ווילדע פרייד. איך האָב מיך אָפּ־געטרייסלט, אַזוי ווי אַ הונט, פון שטויב און, הויך און שטאַרק צעלאַכט. איך בין פריי. איך בין פריי...

„— איך האָב, מיטיינמאָל, אַנטדעקט די פּראַכט פונעם טאָג, פו־נעם לעבן, פון דער זון... פרוי, מאַן, פריינט, שמייכלען, שטראַלן... אַז מע וויל, איז דאָס אַליץ פּאָעזיע. איז דאָס געזאַנג. איז דאָס פאַנטאַזיע. מע דאַרף נאָר ווען!

„...כ׳וואָלט וועלן, אינמיטן אַ שיין־טאָג, אַ פיינעם,
ווען וועלט שטייט פאַרטרוימט, אין איר הייליקן שיינען,
און אַ ווינטל שטיל לאַשטשעט, שימערירנד, ווי ליינען...

—...אייביקע פרייד, פאַר זינגען צום שיין־טאָג, צום העלן!
אַזוי וואָלט איך וועלן!...״

* *

— עס איז שוין געווען ארום האַלבן טאָג, אַז איך האָב געענדיקט דערציילן. דער יונגערמאַן האָט אויסגעזען בלייך, פאַרמאַטערט. קיין סימן פון פרייד מער.

„— איר ווייסט — מאַכט ער צו מיר — אין ד ע ר צייט, בין

איך געוואוינט גיין עסן מיטאָג..." — און, ער האָט געמאַכט אַ זשעסט־אַ פּרואוו, זיך־לאָזן אוועקגיין... נאָר, איך האָב אים אויפגעהאַלטן...

„— איר הערט, יונגערמאַן... דאָס ביז־איצטיקע, וואָס איך האָב אייך אָנדערציילט, איז געווען טיף, אינטערעסאַנט. אָבער, זי, די קונסט, זאָלט איר וויסן, איז נאָך טיפער..."

— איך האָב אָפּגערעדט, אַז ערך, נאָך אַ שעה. די גאַנצע צייט, האָב איך אָבסערווירט דעם פּענטיק; נישט אָפּגעטאָן פון אים קיין אויג. די קאָלירן אויף זיין קיילעכדיקן פּנים האָבן זיך געביטן אויף צאָרן, שרעק, בהלה. איך בין געווען זיכער, אַז ער שעלט, ערשט, האַק און פּאַק, די גאַנצע וועלט, מיך און די קונסט אַריינגערעכנט... ער האָט געכאַפּט אַ רגע, ווען איך האָב מיך פאַרהאַלטן; און, ער האָט אויסגערופן, מיט תחנונים אין קול:

„— איר ווייסט, אין ד ע ר שעה, בין איך געוואוינט צו שלאָפן אַ „סיעסטע"... (נאָכמיטאָג-רו.) — און, ער האָט ווידער געמאַכט אַ באַוועגונג, זיך צו רירן פון אָרט... נאָר, איך האָב מיך נישט געלאָזן. אים אָנגעכאַפּט פאַרן אָרעם...

„— הערט זיך גוט איין, יונגערמאַן... אַלדינג, וואָס איך האָב גע-בראַכט, ביז איצט, איז געווען טיף, דאַכט-זיך, האַ? — אָבער, עס איז גאָרנישט, אין פאַרגלייך דערמיט, וואָס איך גיי דאָ דערציילן... אָ, זי, די קונסט, איז פיל טיפער..."

— איצט, האָב איך גערעדט, אַ וודאי, נאָך אַ האַלבע שעה. אָבער, צו גלייכער צייט, האָב איך אים גוט געהאַלטן אויפן אויג. ער איז מיר, איצט, פאָרגעקומען פינצטער־דראָענד אומפאַרשעמט אויפן צורה. מע וואָלט געמאָגט שווערן, אַז ער פאַרשעלט איצט זיין אייגן געביין — יענע וויס־טע מינוט אין זיין לעבן, וואָס ער האָט מיך באַגעגנט... אָ, איך האָב גוט צוגעזען, וויאַזוי ער האָט געקעמפט מיט זיך, אום נישט אויסצופּלאַצן... מיט אַ רוי קול, מאַכט ער צו מיר:

„— איר ווייסט; איצט, אין ד ע ר שעה, בין איך געוואוינט גיין צו דער כּלה אַהיים, טרינקען אַ מאַטע..." (אַרגענטינער טיי־גע-טראַנק.)

— נאָר, איך האָב אים צוגעהאַלטן פעסט פאַרן אָרעם...

„— הערט אויס, יונגערמאַן. איצט, אָדער קיינמאָל... עס איז מיר אַ שאָד אייך אַרויסלאָזן פון האַנט. אייער עקשנות אימפּאָנירט. זאָגט עדות וועגן טאַלאַנט, כאַראַקטער... אָבער, מיינט נאָר נישט, אַז איר האָט שוין אַלץ דערשנאַפּט וועגן דער קונסט. אָ, זי, די קונסט, איז טיפער אַסאַך, אינטערעסאַנטער..."

„— זי, די כּלה מיינע, וואַרט אויף מיר..."

„— איר הערט; די קונסט פון היינטיקער צייט..."

— נאַר, דאָ האָט עס אויסגעבראָכן. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ שליידער אין צורה די נבזה׳דיקסטע גאַסן-קללה — פאַר מיר מיט דער קונסט אינײנעם. ער האָט זיך אָפּגעריסן, ווי דער קויט פון גאַס — אָ, ער איז אַוועק פון מיר אויף אייביק...

*　　　　　*

רעזקין איז, איצט, געוועז אויפגערוימט ביז גאָר. אויף זײַן פּנים — קענטיק די פולסטע שפּיל פון זײַן שאַרפן וואָרט-געפעכט; טיפסטער איי־נערלעכער געראַנגל, וואָס שפּרודלט מיט צעשטערונג און געזאַנג... אַלע האָבן אים, ערשט, אַרײַנגעקוקט אין די אויגן, דערמוטיקט, דערוואַרט... און ער האָט אָנגעהויבן...

— זינט דאַן, האָב איך מיר פאָרגענומען אַ געוואוינשאַפט, צו מאַ־כן באַשטעלונגען מיט זיך אַליין; און אַרומרעדן זאַכן פון טראַנסצענדענ-טאַלן כאַראַקטער; וואָס מאַטערן מיך, לאָזן נישט רוען.

— איך בין פיל־איכיק, אַזויווי איר זעט מיך.
אומעטום, וואו איך גיי, טרעף איך אָן מײַן אַנדער אי ך, וואָס וויל מי ך, פון פריער, נישט קענען...
אַזוי, ווערט מײַן נשמה צעריסן; עס פאַלט פון מיר לעבעדיקע שטי-קער אי ך; און, איטלעכער פאַרצערט, וואָס אים באַקומט...
וויפל דו זאָלסט זיך נישט שאַנעווען — נישט־אויסצוברענגען, פאַר־שווענדן, נייערט — זיך-לאָזן אײַנהיטן אײַנגאַנצן פאַר דיר אַליין, דײַן באַרוף, — און, עס העלפט נישט...
דערפאַר, בין איך שטענדיק אַליין; אין ערגעץ נישט — מיט קיינעם.
איך רעד צו אייך — דאָס רעד איך צו זיך גופא, איך טענה-איין, איך שריי, איך רוף צו הילף — אומזיסט.
קיינער דערהערט נישט...
דו ביזט אין אַ פאַר׳כישוף׳טן קרייז, פונוואַנען דו קענסט נישט אַרויס.

דו ביזט אין אַ וואַלד, איינער אַליין.
עס שלאָגט דער עכאָ צוריק.
שפּעט דיך אויס...

— איך בין מאָדנע, דאָס וועט יעדער צוגיבן.
איך בין אָריגינעל, אינטערעסאַנט און אינהאַלטסרייך.

ווער נאָך, אַזוי גוט ווי איך, קאָן ברענגען אַ וויץ אין צייט, ער זאָל טרעפן, וואו מע דאַרף...

אָבער, קיינער וועט דאָך נישט גיין מיר פּירוואַרפן קיין הוילע באַרימעריי, דאַריבער: מע ווייסט גאַנץ גוט, ווי אונטער אַלעם דעם ליגט אויסבאַהאַלטן מיין טיפע באַשיידנקייט; אַ, מיין גרויס געפיל פאַר אחריות.

— בין איך באַשיידן?

אָבער, איך קאָן מיך גאָרנישט פאַר אַ זעלבן.

און, ווינציקער נאָך, זאָלן עס צוגיבן די קריטיקער...

ווי די קאָמיקער — אַליין, תמיד, די טרויעריקסטע, — אַזוי זענען זיי — די בייזע ווערכטער פון דער אומשטערבלעכקייט — אַממייַנסטן — אַליין, די איינפאַכע שטערבלעכע...

די טראַגישע ברואים.

דאָס איז פאַטאַל פאַר זיי.

עס מאַכט זיי ווילד...

יעדעס ניי ווערק, וואָס דו טראָגסט זיי אונטער — דיין נייע גרויסע ליבע, דיין טיף געהיימניש — אויסגעשריגן פאַר דער וועלט, אַ, דיין טראַגיש־בלוטנדע מיסטעריע... — ברענגט עס זיי נאָר פון דער הקפדה ארויס.

אַ, ווי זיי צעצערענען זיך, אָלימפּיש־דונערנד, אין בליץ — הלמאי דו, אינטרוז איינער, צעציטערסט זיי דעם זקנה'שן דרעמל; יענע, אויף איינמאָל־איינגעשטעלטע, אָביעקטיווע אָלימפּישע רו, זינט דורות; דעם איינגעשטעלטן סדר, אָפּגעפּסק'נטן גזר: אז — זיי זענען ז יי, פונדערהויך; און דו, ווער ביזט — אויף אייביק שוין, דאָס קליינע אומבאַקאַנטע שד'ל פון דער נידער...

— איצט, ווילן זיי דיך רעכט נישט אָנקוקן אפילו.

וואָס שטורמישער דו קומסט צו זיי, אין אומגעדולד, אין ברען, — אַזוי דאַכט זיך זיי אויס — דו גייסט אויף זייער לעבן; צעטרייסלען אַלדאָס איינגעשטאַנענע, דעם טראָן, די אייביקייט. — איז אַלץ לענגער וועלן זיי דיך לאָזן וואַרטן אויף זיך מיטן וואָרט.

דו, זאָלסט איינפאַלן; ווערן היבש געקילט אין דיין היץ; אינגאַנצן איינפרירן פאַר קעלט...

אַ, איצט, גיבן זיי זיך שוין נישט אפילו די מי אַ בליק צו טאָן אויף דיין ניי ווערק; דיין ניי געשטאַלט.

זיי וועלן דאָס נישט גיין טאָן, פשוט... אויס מיטלייד צו דיר.

אום, נישט צו צעשטערן יענעם ערשטן גוטן איינדרוק, וועלכן זיי האָבן זיך געהאַט געשאַפן וועגן דיר אַמאָל, אין דער יוגנט, אין יענע אַלטע

גוטע צייטן, ווען וועלט איז נאָך געווען — וועלט, און דו — יונג און באַשיידן.

אַף די שפּיץ פינגער ביזטו, דאַמאָלס, פאַר זיי געשטאַנען; מיט דיין ערשטלינג, אין געשטרעקטער האַנט; געציטערט; אין ערפוכט, צו זיי אַרויפגעקוקט; דערוואַרט אַ בליק, אַ וואַרעמען שמייכל, אַ, כאָטש איין גוט וואָרט...

— יאָ, דאַן האָבן זיי באַוויליקט מיט דיר אַ שמועס-טאָן מער, ווי איין גוט וואָרט אפילו.

זיי האָבן געהאַט פאַר דיר אַ פול מויל געזאַנג, האָפענונגען, לויב.

זיי האָבן גענידערט צו דיר פון זייער פּיעדעסטאַל אַרונטער; אָ, גאַרנישט געהאַט דאַקעגן, וואָס דו האָסט דערוועגט זיך אַריינרייסן, אומגעבעטענערייט, אין זייער שאַפונגס-תחום, וואו דו האָסט צעשטערט די רו...

עס מאַכט נישט, יונגערמאַן.

אָ, אדרבה, פאַרקערט.

היער איז יעדער ווילקאָמען.

ביטע זייער, מאַכט זיך פּלאַץ...

— דיך געבעטן צום טיש; וואו מע האָט דערלאַנגט טיי מיט לימענע, מיט מאַלינעס-זאַפט.

אַליין, אַרונטערגענומען די געטלעכע שפּאַקולן, די העלזעערישע; געוואָרן אַ מענטש, מיט דיר באַגלייך...

איצט, קאָן מען אַ שמועס-טאָן עפּעס רעכטס; טאַקע וועגן ליטעראַטור, איבער קונסט...

איר שרייבט, יונגערמאַן, זאָגט איר?...

זייער גלייך מוט איר.

איר געפעלט מיר...

אָבער, זעט זאָרגן וועגן בילד — פון דער נאַטור, פון מענטשן, אַלציינס.

אָן דעם גייט נישט...

איר האָט דאָך געהערט זאָגן: אלהים, בגימטריא — הטבע; וויאַזוי גאָטס געשטאַלט איז אויסבאַהאַלטן אין דער נאַטור פון דער וועלט...

ער בליקט אויך אַריין אין מענטשנס טבע, אין זיין כאַראַקטער...

גאָט, צי נאַר — דער טייוול...

עס איז דיין חוב, קינסטלער, זיין געשטאַלט צו אַנטפּלעקן...

איר זאָגט — פּראָבלעמען; צוזאַמענשטויסן אַלערליי? —

אַלצדינג איז ריכטיק.

אָבער — אָן געפּילדער, יונגערמאַן; נאָר, אָן ליאַרעם...
ווי די הימלשע טראַפּיק, אַלציינס.
אַלץ גייט, שלאָגט צום טאַקט; אָבער, וואו איז דער גערודער?...
איר הערט; אַז איר ווילט נאָר וויסן, — איז די קונסט, ווי דער זייגער, אַלציינס.
אינעווייניק, דער קאָמפּליצירטסטער מעכאַניזם.
ער בלייבט, דאָך, פאַרשטעלט.
פאַרן אויג קומט נאָר דער ציפערבלאַט, גלאַטיק, קלאָר.
ווען נישט, טרעפט מען נישט די צייט...
וואָס טיפער, קאָמפּליצירטער דער מעכאַניזם, — אַלץ קלערער וועט זי אָפּערקומען, די געגאַרטע באַשיידונג; ווידעראַמאָל, די צייט...
ווייסט איר, יונגערמאַן, וואָס צייט איז?...

„—...זי איז די פאַרשטעלונג.
זי איז די באַפּוצונג.
אונטן, שלאָגט דאָס האַרץ, אין קלעם, אין פּיין.
נאָר, אויבן שיינט די צייט, פּונקט ווי קיינמאָל גאַרנישט...
צייט, דאָס איז עסטעטיק, מיין פריינט.
און, וואָס עסטעטיק איז, ווייסט מען — הווילער פּעסימיזם...
איר זאָגט — הומאַניזם?...
אַלציינס — באַפּוצונג; די זעעלישע עסטעטיק...
הינטן, שטייט דער מענטש, נאַקעט, ברוטאַל, און ער לעסטערט...
וואָס-זשע בלייבט אונז, חוץ דער פאַרשטעלונג?!...

„—...געדענקט-זשע, יונגערמאַן: בילד; און, נאָכאַמאָל, בילד...
איך האָב אייך שוין געזאָגט, דאַכט-זיך, אַז איר געפעלט מיר.
נעמט עס גוט אין אַכט.
מיר, קריטיקער, וואַרפן זיך נישט מיט קיין שבחים; אַ וודאי נישט. גיין מיט אבי־וועמען צום טיש...
אַז איר ווילט נאָר שטאַרק, איר וועט דערלויבן; אבי, איר זאָלט עס נאָר פאַר קיינעם נישט אויסברענגען: — די קונסט איז, ווי די פרוי.
מוזט איר, פריער, גוט אָנטאָן; ב י ל ד ש יי ן — און, וואָס שענער, איז גלייבער, — אַז זי זאָל איינוווילִיקן, דערנאָך, אַליין אויסטאָן פאַר דיר; אַנטפּלעקן מוטער־נאַקעט; דו, פּראָבלעם, זאָלסט איר דערזועען אינגאַנצן...

„—...היינטיקע צייטן, וואָס עס איז פון דער וועלט געוואָרן!
וואָס פאַר אַ שרייבער!

ס'אַרא ליטעראַטור!...

זיי, די נייע שרייבער, קומען פאָר, ווי די מלחמה-סוחרים, אַקוראַט...
קויפן אַלצדינג אויף; קערן איבער וועלטן; ווייסן, צומאָל, נישט,
וואָס מע רוקט זיי אונטער; זיי האָבן, אָקאָרשט, פאַרהאַנדלט...

בלויז, די אַלטע סאָלידע פירמעס, פון פאַר-מלחמה-צייטן, — זיי
שטייען צעמישט, אין געפאַר, פאַר א קראַך; קאָנען זיך קיין עצה נישט
טאָן — וויאַזוי' די נייע אָנצוויאָגן...

עס איז עפּידעמיע־צייט, מיין פריינט.
אַלעס ליידט, פאַרכאַפּט פון פּאַניק.
עס קומט אום טאַלאַנט; עכט סאָליד געפיל...
נאָר, זיי, די באַצילן, טוען זיך, ערשט, פּרוכפּערן, מערן.
אַף זיי איז נישט חל די מגפה.
אדרבה, זיי אַליין זענען — ז י, די מגפה.
אָ, איצט איז זייער צייט...

„—...ניין; מיר, די קונסט־בויער פון דער אַלטער וועלט, זאָגן זיך
דאָס אָפּ צו פאַרשטיין...

עס קומט אַ שרייבער אַ נייער, ברענגט אַ ווערק...
איז, ווער — בילד, וואָס — געשטאַלט?! —

עס פעלט נאָר — דער געטלעכער גייסט זאָל נעמען אומשוועבן
דאַרויף, — אַזויפיל וואסער האָט ער דאָרטן אָנגעליאַפּעט, דער מייס־
טער פון וואָרט...1)

און, מיר קאָרעגירן אים, גלייך, זיין פעלער: — ווי קומט ער צו
אונז?!

—דור ודור ודורשיו; אַ דור אַזאַ, מיט זיינע קינסטלער און מבינים...
נייע ליטעראַטור-אָפּשעצער; נייע אָריגינעלע טעאָריעס...
„...— ליטעראַטור, פּלוס עלעקטראָפיקאַציע.

די נייע קונסט מוז גיין אין טעמפּ פון דער צייט — אַריבער אַף
דאַמף, אום נישט צו בלייבן ריקשטעליק צום אימפּעטפולן לויף פון גע־
שעענישן.

ז' ברויך, דאַריבער, צו זיין דינאַמיש; הונדערט-פּראָצענטיק קעמ־
פעריש; און שלאָגלעריש, ווי דער גלאָק...

פון אַצינד און ווייטער, ווערן אָפּגעשאַפט י ע נ ע אַלטע מאָסן
פון פעאיקייט און טאַלאַנט.

די גרויס פון אַ טאַלאַנט ווערט געשטעלט, לויט דער פערד־קראַפט,
וואָס ער אנטהאַלט, אין דינאַמישן דראַנג פאָרויס...״ —

---

1) ורוח אלהים מרחפת על פני המים...

„—...אָבער, צי ווייסט איר כאָטש, וואָס מע דערגרייכט דערמיט?—
עס איז, ווי בא יענער אויפגאַבע, אַלציינס: — דעם וועג פון a
ביז b פאָרט מען איין, אין אַ קאָטש, געשלעפּט פון 2 פערד, — אין
32 מינוט.
ווען 4 פערד געשפּאַנט?
— אין אַ העלפט דערפון, אין 16 מינוט.
ווען 8 פערד?
— אין 8 מינוט.
אויב 16 פערד?
— דאַן, איז אין 4 מינוט.
בא 32 פערד?
— אין 2 מינוט.
בא 64 פערד?
— בלויז אין 1 מינוט...
נו, און ווי איז — בא 128 פערד? בא 256? און ווייטער?
— אָ, דאַן וועט אַלץ בלייבן פּאַראַליזירט, זיך נישט רירן פון אָרט...
איר טרעפט אַליין נישט, פאַרוואָס?
— ווען, איר האָט, בידים, גענומען, דעם גאַנצן טראַקט באַלאַנגערט
מיט פערד!?...”

— אָפּגערעדט; און, זיי קערן זיך אָפּ פון דיר, די אַלטע וואָרצל-גע-
טער פון אָלימפּ.
מערקן דיך נישט מער.
אַליין גליווערן זיי איין; אין בייזן דרעמל, אין שטיין.
טויב, בלינד, און שטום...
עס דערגייט נישט צו זיי גאָר די שטורמישע קלעפּ, דעם האַמערס,
פון דער צייט; דער היינטיקער פינצטערער שעה.
אָ, יענער פלאַמיקער רוף פון יונגן קינסטלער.
ווי די קאָכיקע לאַווע — זיין געמיט, זיין קאָוואַדלע, זיין האַרץ;
צערודערט, אין אומרו, אין פּיין...
עס ראַנגלען איבער אים, און עס שלאָגן טויזנט געשטאַלטן, און
טיפּן, און וויזיעס; טויזנט סטילן און לעבן-גורלות פּאַראַמאָל...
איז, הינטער יעדן סטיל — מענטש, אין געראַנגל.
ער וויל נישט אומקומען; און, שלאָגט זיך, האַרטנעקיק, פּאַרביסן,
צום פורעם; צו דער ליכטיקער שיין...
עס צעשפּריצן זיך פונקען אין דער נאַכט, צעציטערן דאָס חשכות
אַרום, די פּיין...

איז, שטאַרקער ווערט, די קלעפּ איבערן קינסטלערס זעל — זיין רוף צו ליכט און באַפרייונג!
עס רופן די פאַרשטיקטע לעבנס פון אים.
אַלע גרויסע הערלעכע וויזיעס, געדאַכטע אין פרייד און אין לייד...
אָ, יענע שטאַרקע רעאַלע וועלט פון פרייד און גליק — זי מאָנט חשבון בײַ זיין האַרץ; איר אָרט אונטער דער זון...

— איך בין פיל־איכיק, בײַ דער קונסט.
אַ קינד, בײַ דער צייט.
געפירט פון איר, אומבאַוואוסטזיניק און בלינד.
זי איז — די פּערוועדזע ליבע; אייפערזיכטיק און שלוי.
זי גליט מיט פאַראַט און טרייהייט, אויגנבליקלעך, ווי דער בליץ.
ווי דער שאַרפער מעסער־בלאַנק, איר שיין...
איך פאָלג איר נאָך, טראָט־בײַ־טראָט; טיף־איינגעגלויבט, פאַטאַל
— אַרויסצו׳כישוף׳ן איר אָטעם־צוג, איר וואָרט...
איך זאָג איר נאָך איר לשון־טריי; כּאָטש, אומבאַוואוסט עס בלייבט, נישט־קלאָר...
עס איז די ליבע־שפּראַך בײַ דער ברוסט פון דער צייט.
ז׳ נאָגט און נערט, פאַר־איינס.
זי חוזק׳ט און גלעט.
אָ, זי פּאַרווינט אין זיסן דרעמל; צאַרטן דעמער־שפּיל...
און, צערנט אויף מעכטיק, פּלוצים, ווי דער וואַסער־פאַל — ער קומט פאַרפלייצן די וועלט...

— אָ, זעט, איך בין אַ קינד בײַ דער קונסט.
אַ קינד בײַ דער ברוסט פון דער צייט...
אַז איר לייענט מיינע געדאַנקען, לייענענדיק די וויזיעס מיינע, — זאָגט, וואָס זעט איר דען?
— אַזוי ווי דאָס פרייע אויפפלאַטערן פון טויבן־בלאַנק, אונטער דער זון;
אַזוי ווי דער מעכטיקער אויפשלאָג פון אָדלער־פליגל צו דער פריי, צום באַרגיקן שפּיץ, צום גרוי־צעווינטיקטן פעלז. —
אַזוי שלאָגט אויף מיין געשטאַלט, אין זעלבסט־אַנטפּלעקונג, פיל־איכיק און שטאַרק;
אין אויפגאַנג, אין פּיין, און אין פרייד;
און — איר־אַלע־אין מיר — אָ, זאָגט, צי שפּירט איר דאָס נישט —
אַז מיר שלאָגן־אויף, צוזאַמען, צו דער פריי, צום באַרגיקן שפּיץ, צום העלן זוניקן פעלז!...

— איך בין אַ קינד פון דער צייט, טיף-סקעפּטיש־און-גלויביק־פאַר־ריינס...

איך ווער לויטער ווידערשפּרעכט, קעגנזעצט, באַקעמפּט.

אָ, איך דולד נישט איינטאָניקן פּינקטלעכן קלאַנג, יעדע טרייהייט און נאָכאַמונג אין מיר.

איך בין, ווי דער דענקער, אומטריי-אָריגינעל;

און, איך זינג אויס, צעשטורעמט, אומפּינקטלעך און פריי, מיין ליד פון גלויבן און קאַמף,

די העכסטע חכמה פאַר מיין צייט.(1)

— איך בין מוזיקער ביז צום גרונט.

איך זינג פאַר אייך דאָס ליד פון אויפשטורעם-און־צעשטער; פון גלויבן און נייעם באשאף.

בערג וועט מיין גלויבן רירן פון אָרט; מיין פּראַט צו אייך; אָ, מיין ליבע פאַר אייך, מיין זודיקע נשמה, מיין געזאַנג...

— איך זינג מיין ליד צו אייך; און, איך שטורעם אויף ביז צום גרונט.

ווי אַ קאָכיקע לאַווע — מיין זעל.

אַלע איניגסטע מינעראַלן, טייערסטע, אינטימע, גאָלד, אַרץ, אָ, זעעלישער האַרציקער פלאַם, פּלייצן אייך אַנטקעגן;

אין פייערבראַנד-פּראַט; אין אויסראַטונג־פּאַרלענד;

אז, איך גיי אויס פאַר אייך; איך זינג מיין ליבע צו אייך;

איך קום אייך פּראַטן, ווי איר זענט;

אייך לייטערן-דערהויבן.

איך גיי אייך באַפרוכפּערן מיט מיין גלויבן...

— אָ, איך בין פינצטער זייער און, ווי דער אָפּגרונט, טיף...

פּילייכט, איר שלאָגט אָן ערגעץ טיפער פאַר מיר.

איז, אייער טיפעניש אַ לויטערע אַזאַ, אַ קלאָרע; זי פריידט.

---

1) מע דאַרף זיך משער־זיין, ווי דער דיכטער רעזקין וויל דערמיט זאָגן, אַז דער אָרדינערער ווייסנשאַפטלער איז נישט, תמיד, אָ ר י ג י־נ ע ל  א ו ן  נ יי, שוין דערמיט אַליין, וואָס ער האַלט זיך אימער, פּ י נ ק ט ל ע ך  א ו ן  ט ר יי, אָן דעם, וואָס איז שוין אויסגעדענקט געוואָרן פון  פ אַ ר  אים... רעבעל איז ערשט דער דענקער, וועלכער באַווייזט צעשטערן דעם אָנוואוקס פון „פּינקטלעכקייטן”, אַליין-אויפבלי־צנדיק, ערשט, מיט דער ניי-אָריגינעלער שיין... (דער מחבר.)

מיין טיפקייט איז אַ מוטנע, פּערוועריזע, אַ באַאומרואיקנדע; זי שרעקט.

זי איז דעגענערירנד.

ווייסט; איך בין, אין גרונט-געגומען, דעגענעראַט.

אָ, איך בין אַ טריי קינד פון דער צייט... איך שטוים פון זיך, און צי צוריק, ווי מיט צווענגער...

איר לויפט פון מיר, פון אַ פעסט־אַלציינס, אז — איך רייץ אין יעדן דאָס מוטנע, פּאַראַט.

איר אַנטלויפט, אין שרעק — פאַר מיר — פאַר זיך...
נאָר, צי קענט איר ווייט אַוועק?...
וואָס זענט איר דען, אָן מיר, אייער שיקזאַל?
עלנט, פאַרלאָרן, אומהיילבאַר...
אָ, פאַרשעמטע, טוט איר קערן צוריק...

— איך בין דאָס קינד פון דער צייט...

— ווי דער קינסטלער, שלוי און פאַרדאַרבן, פרעך און געמיין.

— ווי דער מעדיקער, שטעק איך אָן, אין אייגענעם לייב און זעל, אַלע פּלאָגן, באַצילן;
איך גיי מיך מיט זיי גרינטלעך באַקענען;
און, ווירקזאַמער, פאַרניכטן.

— ווי די פרוי, פאַרגיי איך אין טראָגן
פון יעדן איינעם פּערוועריזן פון אייך;
און ברענג אױף דער וועלט, אָ, די גרויסע אומשולדיקע פרייד,
די מתנה; אייער דערהויבונג, דאָס ליד.

---

א פארענדערטער, מיטאמאָל, אָן אויפגעהייטערטער, — האָט רעזקין פארלאָזן דאָס קאפע־הויז. איצט, איז ער געגאנגען, מיט זיכערע טריט, אהיים. אַף זיין פנים — קיין שפור מער פון דער פריערדיקער וואקלע־ניש, פון צעגערן. ער האָט זיך פארהאלטן, א ווײלע, פאר א קאָנפיטע־ריע; איינגעקויפט א פעקל נאשווארג. דערביי, האָט ער מאָדנע-יונגטלעך אױפגעשײנט; ווי פאר א וויזיע, וואָס האָט אים געדייצט, אצינד, גע-מאָניעט. זי האָט אים געצויגן צו זיך, צו אים געשמייכלט. און, ער האָט זיך נאָכגעגיבן דעם רייץ; איר צוריק געשמייכלט...

---

...עס איז געווען געציילטע מאָנאטן אין דעם. אין יענעם הויז, וואו ער, רעזקין, האָט געוואוינט, אין אָן אויבערשטן בחור׳ש צימער, — האָבן זיך אָפגעלײידיקט פון שכנים א פּאָר אונטערשטע צימערן; און, עס האָט זיך אריינגעצויגן, גלייך דארויף, א גרינגע פאמיליע, אָן אָקאָרשט־ארי-בערגעבראכטע, דורך קרובים, פון גאליציע. אָן עלטערער איד, א שוחט. זי, די אידענע. און א מיידל פון א יאָר זעכצן-זיבעצן, סערל.

דאָס זענען געווען שטילע אומבאהאָלפענע מענטשן; און, רעזקין האָט זיך געפּרואווט צולאָזן צו זיי... עס איז באלד געוואָרן קענטיק, אז דאָרט, אין דער אלטער היים, האָבן זיי געמוזט וואוינען, א וודאי, אין ערגעץ א פארוואָרפענעם ישוב, ווייט פון מענטשן; און, אצינד, דאָ, האָבן זיי זיך נישט געקאָנט צוזאמענרעדן מיט קיינעם. בא איטלעכס וואָרט, געמאכט הייטער ארום זיך; ארויסגערופן געלעכטער...

עס האָט זיי שטארק געקרענקט, דאָס לאכן אויס זיי. עס פלעגט ארויסשלאָגן בא דער אלטער טרערן פון פארשעמונג, און ביטערן פאר-דרוס. עס האָט איר שוין באלד געגומען באנג־טאָן די גאנצע זאך — הלמאי מע איז גאָר אריבערגעקומען אהער, צווישן גויאים, ווילדע חיות, וואָס — א חוץ לאכן אויס אונזערס א מענטש, ווייסן זיי גאָרנישט עפעס אנדערש...

—...עך, דאָרט, אינדערהיים — און די אַלטע האָט שווער אָפּגע־זיפצט, מיט הארץ — וויפל גאָט האָט געגעבן, — האָסטו כאָטש גע־וואוסט, דו געפינסט זיך צווישן אייגענע, דיין גלייכן. נישטאָ, ווער עס זאָל לאַכן אויס דיר; דיך אָפּשפּעטן...

עס איז דאָ געווען אַלץ מיטאַמאָל. די צעמישונג באַ פּרימיטיווע מענטשן, אַז דו רייסט זיי אויס פון אַ וואלד, זיי אַריבערגעבראכט, פּלו־צים, אין אַ וועלט-כרך. עס בלוטעט דאָס הארץ, פאר שווערער רויער בענקשאַפט צוריק אַהיים. עס ציט דער שטאַם, נישט צום ווידערשטיין...
אַ חוץ דעם, וואָס מע איז געקומען — אָרעם, ווי די נאַכט, הויל, נאַ־קעט; און, די בושה באַ דער מאמען מיטן מיידל איז זייער גרויס... אַל־דינג, וואָס זיי האָבן מיטגעבראכט; פון אַ קליידל ביז אַ שוך — דאָרט, אינדערהיים, האָט עס ד' ווערט געהאַט אוצרות! — הייסט מען עס דיר, דאָ, ארויסטראָגן גלייך אפן מיסט און, איבערלאָזן דאָרט, אַז קיינער זאָל נישט זעען...

—...נו, קען מען נישט פּלאַצן?! און, וואו נעמט מען אַנדערס?!...

און, ווירקלעך. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, נאָך אַ וואָך אָפּ־זיין אין לאַנד. זיך-אויסגעפּאַקעוועט. אַלץ, צעשטעלט אף אַן אָרט... איצט, קאָן מען זיך שוין ארומקוקן אף זיך אַליין אויכעט... און, די מאַמע מיט דער טאָכטער האָבן זיך צורעכט-געמאכט, באַ זיך אין די צימערן; אָנגעטאָן פון שענצטן און פון בעסטן; און, אַזוי, פאַרפּוצטערייט, אַרויס צו די שכנים, אין דעם זעלבן גרויסן הויז... נו, האָט מען עס געמאָגט זען, וואָס דאָרט האָט זיך אָפּגעטאָן אַביסל! — זיי האָבן ארויסגערופן גרויל און איבערראַשונג באַ יעדן — אַזוי טשודנע זענען זיי פאָרגעקו־מען, אינעם אויסטערלישן פאַרצייטישן הולך. ווי צוויי אַלטפרענקישע פּריצטעס; אַן עלטערע-איינע, מיט אַ יונגער; אָפּגעמעלן, געטאָקט, ווי אפן בילד; ווי, אויס אַ אַנדער וועלט פון שימל און נאַפטאַלינע, זיך־אַריי־בערגעפּעקלט אַהערצו; געריסן איטלעכן פארן הארצן, געציפּט פארן נאָז און פארן גאָרגל; ארויסגערופן אַלץ מיטאַנאַנדער: באַ'טעמ'ט האַרציק לאַכן, ביז פארגאַנגען אין טרערן; און, געשמאַקער העפטיקער ניסן... מע האָט זיך גאָרנישט געקאָנט איינהאַלטן. אַוועקגעפאַלן אַלע בושות אָן אַ זייט. מע האָט זיי אויסגעשאָסן אין צורה-גלייך מיט ווילדער ספּאָזמאַטי־שער פרייד; געהירזשעט און געשנייצט די נעזער, הויך אַפן קול — עס איז געווען איין אומקומעניש...

זייע ביידע; אָרעמע מאַמע און טאָכטער — די גורמות פון דער פּלעצלעכער פרייד — דאָס צוקוקנדיק, — זענען נישט אַנטלאָפן פון־דאַנעט; אָ, ניין... אַזוויוי אָפּגערעדט מיטאַמאָל, — האָבן זיי פארקרעמ־פּעוועט דאָס הארץ; זיך־אומגעדרייט דאָ, אינדערמיט, צווישן די לאַ־בער; לייכטע שפּאַן געשטעלט, געשורשעט מיט ד' קליידער, געהויבן מיט

די אַקסל; און, אַליין, זאַנפּט־פּריידיק. האַרציק מיטגעלאַכט.. נאָר, שפּע־
טער; אַז זיי זענען אַריינגעפאַלן, נישט־מוויט־נישט־לעבעדיק, צו זיך אין
די צימערן, געבליבן אַליין, — האָבן זיי זיך שוין נישט געקאָנט איינהאַל־
טן מער און, אויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין...

*　　　　*

צו אַט דער עלנטער פאַמיליע האָט זיך רעזקין געפּרוּווט צושאַ־
רן; זיי איינגענעמען מיט אַ גוט וואָרט. ער האָט געלויבט זייער ערלעכקייט
און פּשטות. זיי געטרייסט, אַז — וועלט בלייבט אומעטום — וועלט.
נישט געפערלעך...

—...אַט, וועט איר זען... ר׳ מייכל (דער שוחט) וועט, גאָר אינ־
גיכן, אָנהויבן פאַרדינען; און, איר וועט אייך אויסקליידן... דאָ, הינען,
קליידט מען אייך אויס, פאַר אַ שיבוש, אינעם שענצטן און אינעם בעס־
טן, אַז — עס וועט אייך נישט זיין צו דערקענען... און איר, סערל —
האָט ער זיך אומגעקערט, פּלוצים, צום מיידל; געקוקט אַף איר, הייס
און דרייסט — האָט זיך, אַ וודאי, נישט, וואָס צו שעמען. איר שיינט
דאָך אַרויס, ווי די זון...

יענע, די קליינע — אַ שוואַרץ־חנ׳עוודיקע מויד אַ צימעס, — האָט
זיך אָנגעצונדן אַפן פּנים. באַ איר די באַקן זענען געבליבן צעבליט —
העליש פייער. אירע אויגן האָבן געלויכטן פון גליק, געשמייכלט. זי האָט,
ערשט, ווירקלעך, אַרויסגעשיינט פון די שמאַטעס — אַ נחת צו קוקן...

און די אַלטע, אַף איר קוקנדיק, האָט מיטגעשיינט. פאַרגעסן, אַף
איין רגע, דעם גאַנצן קידער־ווידער מיטן אַרום. פאַריינמאַל, איז איר די
טאָכטער גרויס געוואָרן פאַר די אויגן — אַ מויד, קיין עין־הרע, פאַר
לייטן...

און, זי איז געבליבן שטאָלץ.

...זיי זענען אים געווען דאַנקבאַר. רעזקינען, פאַרן גוטן וואָרט, דער
צוגעלאָזנקייט. און ער, דער שוחט, איז געוואָרן גאָר אויפגערוימט, צע־
גאַרטלט...

—...מע זעט גלייך — האָט ער גע׳טענה׳ט צו רעזקינען, מיט צו־
טרוי — אַז איר זענט אַ פאַרנעמער מאַן; פון אונזערע מענטשן. דאָ,
מיט ווענען אַ וואָרט אויסצורעדן... נישט. ווי זיי ד אָ ר ט — און,
ער האָט אָנגעוויזן אין דער זייט פון ד׳ שכנים — פראַים, ווילדע ברוּ־
אים. אַ ליאַדע וואָס, און דאָס הירזשעט אַפן קול...

און, ער האָט זיך דערוואַרעמט; גענומען רעדן, מיטן האַרץ...

— איר וועט גלויבן... באַ אונז דאָס גאַיעס. (פּשוטע פעבל) איז
איידעלער פון זיי. ווייסט, ווי צו שעצן אַ מענטש; מיט דרך־ארץ, רעס־

פּעקט... און דאָ, וואָס איז דאָס גדלות מיט זיי? דערפאַר, וואָס מע לעבט, ווי די גויאים, רחמנא-ליצלן?!... — איר הערט, פּאַניע רעזקין... — און, ער האָט אים, מיטאַמאָל, אָנגעוויזן אויף אַ שטול, באַם טיש, געבעטן זיצן — דער אַלטער בעלזער צדיק, ר' חיימל, זכרונו-לברכה, פלעגט זאָגן... „— אם הראשונים כמלאכים — מיר, וואָס מיר גלויבן, באמונה שלמה, אַז דער אַ נ ה ו י ב איז דער מלאך, וואָס מיינט גאָט, ברוך הוא, — אָנו כאנשים — הייסט עס, אַז מיר זענען מ ע נ ט ש ן אויף דער וועלט, מיט אַ נשמה, מיט אַ טאַלק... — אם הראשונים כאנשים — נאָר זיי, די פושעים, וואָס ווילן האָבן, אַז דער ע ר ש ט ע ר גייט דער מענטש, רחמנא-ליצלן, — אָנו כחמורים — דאַן גיבן זיי זיך אַליין פאַר, ווי די בהמות, להבדיל, פּשוטע חמורים, — טאָ, וואָס איז דאָ מיט זיי דער יחוס, פרעג איך אייך?!...״

רעזקינען האָט דאָס אידל באַלד געגומען געפעלן... אָ, ער איז ווייט נישט אַזאַ, ווי ער קומט דיר פאַר, באַלד, באַם אָנהויב. זי, די אָרעמקייט, פאַרענדערט... פּונקט, ווי באַ דער טאָכטער, באַ סערלען... פון צווישן דעם באַרג שמאַטעס גייט אַרויסשיינען דער מענטש...

און, ער האָט אים געגומען, רעזקין, אַריינפּאַלן אין טאָן...

—...אַז מע וויל זאָגן, — איז זיי, די חמורים, סתם בעלי־חיים, אויך נישט אַוועקצוּמאַכן מיט דער האַנט. זיי זענען דאָס גרויסע רוב. פול מיט זיי דער כדור־הארץ; נישטאָ זיך, וואו אַהינצוטאָן פאַר זיי... זעגען אַלט, ווי די וועלט. מע מוז האָבן מיט זיי דאָס גרויסע מיטלייד; מע ברויך זיי צו פאַרשטיין... יאָ, אַזוי איז עס, ר' מייכל. נאָר, נישט געהיצט זיך... מיר, מענטשן, דאַרפן אַלעמען פאַרשטיין, זיך-איינהערן, לערנען... נעמט פאַר אַ משל — שלומה־המלך; מי לנו גדול... שטייט געשריבן — ויחכם מכל האדם — אַז ער האָט פאַרשטאַנען דאָס לשון פון אַלע חיות און פייגל... אָבער, איינס איז קשה: — וואו האָט ער גענומען צייט פאַרדערפאַר? — ער, דער גרויסער מלך, צו וועמען מע איז געקומען, מיט עסקים, פון דער וועלט! — וויאַזוי גאָר געקאָנט זיך אָפּגעבן מיט זיי? נו, געשיקט זיך עס אַזאַ זאַך — עס לייגט זיך אויפן שכל?... — און, איר שטויסט זיך שוין, מסתמא, אַליין אָן, אַז — דאָס זענען גאָר קיין חיות, נישט קיין עופות, אלא משל היה... אונזערע מענטשעלעך, אַ וודאי — יענע אמתע פייגל... האַ, וואָס זאָגט איר, ר' מייכל?...

רעזקין האָט, איצט, געלאַכט הויך און פריי. דער שוחט האָט אים אָנגעקוקט, פאַרבליפט... „אויף אַזוינס, דעם אמת־זאָגנדיק, האָט ער זיך נישט געריכט... ער מוז זיין אַן עילוי, אַט-אָ־דער-רעזקין, וואָס זיצט דאָ, אים אַנטקעגן, און ער דרשנ'ט...״

און, ער האָט ערנסט באַשלאָסן — זיך נישט אונטערגעבן... נישט

איצט, אַ צווייט מאָל... „ער מוז אים נאָך באַווייזן, דעם הייַנטוועלטיקן, אַז ער אַליין, דער שוחט, איז אויך נישט אַבי ווער, מיטן האַנט אָוועק־צימאַכן!...”

פון אַ ווינקל, אין צימער, האָבן ביידע, די מאַמע מיט דער טאָכ־טער, דאָס צוגעקוקט און אָנגעקוואָלן. זיי האָט הנאה־געטאָן דאָס, וואָס זיי האָבן צוגעזען, וויאַזוי ער, דער מאַן און פאָטער, האָט זיך אויסגע־לייטערט אפן פּנים, איצט, באַם טיש־זיצנדיק. אַ פרייקייט האָט זיך גע־לייגט אויף אים, אַ רואיקייט, פּונקט ווי אין דער היים... איין רגע בלויז — נאָר, עס האָט זיך זיי אויסגעדוכט... ז י, ד י ה י י ם ־ ו י ז י ע, האָט געטאָן אַ שוועב פאַרביי — ווי די גילדענע פאַווע — דאָ, פאַר זיי, אין צימער; אויפגעפראַלט דאָס האַרץ — ווער?! וואָס?!...

* *

רעזקין האָט, אָבער, אויך נישט פאַרגעסן אָן די ווייבער. אַז מע וויל זאָגן, איז עס באַ אים געווען אַ פּאַרטל אַזאַ, אָט דאָס גאַנצע פאַר־בריינגעכץ מיטן שוחט. נישט, ער איז אים געלעגן אין זינען אפילו... אָבער, מע ברויך דאָך צו גיין פּאַמעלעך; מע קאָן נישט כאַפּן...

אים, רעזקינען, האָט געגומען פאַרקומען, וויאַזוי זי, די זיבעצן-יאָריקע סערל — אַליין, אַ קינד נאָך, — רויבט אים די רו. ווען ער דערזעט איר, מאַכט זי פאַרגיין זיין האַרץ מיט פרייד און שרעק... עס ווערט אים אַזוי גוט מיט איר; יונג און לוסטיק...

אַנומלטן; איז ער פאַרבייגעגאַנגען זייער גרעסער צימער. עס איז געווען פרייטיק פאַרנאַכט. זי, די אַלטע, איז געשטאַנען באַם וויס-גע־דעקטן טיש, פאַר אַ פּאָר אָפּגעריבענע מעשענע לייכטער, און געבענטשט ליכט. עס האָט איר, אַ פּנים, שווער אָנגענומען באַם האַרץ; אַז, זי האָט זיך געשאָקלט, מיט די דורכגעלייכטענע הענט באַם צורה, און געוויינט אינדערשטיל... לעבן איר, באַ דער רעכטער האַנט, איז זי געשטאַנען, סערל; אַן אויסגעצוואָגענע, אַ בליענדע. איר שוואַרצער קאָפּ האָר — פאַרקעמט מיט אַ שרונט אין דער מיט; און, אויף אַ הינטער, פאַרפלאָכטן אין צוויי לאַנגע געדיכטע צעפּ... מאַמע האַרציקע... זי איז אים פאָרגע־קומען, אַצינד, אַזוי היימיש, טייער נאָענט — אָט דאָס גאַנצע צניעות'־דיקע שבת-געשטאַלט פון אַמאָל; הייליקע שטילע שיין; אַריבערגעבראַכט אַהער פון דער היים... עס האָט אַ בלענד-געטאָן, אַזוי-פּלוצים, פאַר זיין וואָכעדיק פאַר'חלש'ט געמיט; געגאָגט פאַרן עלנטן האַרץ; געגלעט... איצט, וואָלט ער צוגעפאַלן צו איר, סערלען, אָן אויפגעלעכצטער; גע־קושט איר די טריט; אין די קינדערשע הענט; אַליין געוויינט, ווי אַ קינד...

נאָר, ער איז געבליבן איינגעזונקען אפן אָרט, א געבליפטער; לאַנג, נישט געקאָנט רירן מיט קיין ברעם...

...ער איז אומגעגאַנגען, א שטיק צייט דערנאָך, צערודערט, פאַר־קלערט. ער האָט זיך געשעמט מודה־זיין פאר זיך אליין — מיט וועמען ער האָט דאָ אָן עסק פאַרפירט, מיט א קינד?!...

ער, האָט גאָר מורא־געהאַט צוצוגיבן, וויאַזוי ער האָט שוין באַ־מערקט אף איר — צעשראָקנקייט, אנגסט; אין באַנג פון דערוואַרטונג, פון אומבאַקאַנטן... עס האָט אים געמאַכט אויפציטערן, פון אויבן ביז אַראָפּ... אָ, עס איז נאָך נישט שפּעט, טייערע, קינד מיינס... טיף אין האַרצן באַגראָבן; אז, עס ווערט שווער, באַלד, אליין, פאַר זיך צו דער־קענען...

און, ער האָט צוריקגעקערט, רעזקין, צו זיין זאָרגלאָזיקייט, פון פריער. געהאָלפן טראָגן דעם עול דער קליינער אָרעמער פאַמיליע. אליין פאַרביסן מיט א קרעכץ, מיט א שפּאַס...

* *

עס זענען געגאַנגען דאַמאָלס די קאַלטע כוליא־טעג, אין אָפענעם צעווינטיקטן בוינאָס־איירעס. די אַלטע האָט געכאַפּט א פאַרקילונג. עס האָט איר גענומען ציען אָן אויער. זי איז באַלד געבליבן פאַרצווייפלט... זי האָט דאָס אָנגעהאָנגען אָן דעם, וואָס מע איז אין דער פרעמד. עלנט, ווי א שטיין... דאָרט, אינדערהיים, געלעבט אַזויפיל יאָר, — האָט א זעלכס נישט פּאַסירט. אצינד, ווער וועט זיך דאָ אומקוקן אף איר?!...

מע האָט גוט דערקענט, וויאַזוי עס איז באַ איר מער די שרעק, ווי אַלץ. זי האָט זיך געקליבן אריינלייגן אין בעט. רעזקין האָט נישט דער־לאָזט...

—... איר ווייסט — און, ער האָט גענומען מיט איר איינ׳טענה׳ן; אליין, טויט־ערנסט — נ אָ ר, נישט אין בעט — אויב איר ווילט גע־זונט ווערן... מיינער א באַקאַנטער דאָקטער האָט באַוויזן, שוואַרץ־אף־ווייס, אז — אַלע צרות נעמען זיך פון ליגן אין בעט... אדרבה, מאַכט אליין א רעכענונג: וויפל מענטשן עס שטאַרבן פון די באַנען, עראָפּלאַנען, אף די וועגן גייענדיק; און וויפל — אין די בעטן... נו, איצט, זעט איר שוין?...

די אַלטע, דאָס מיידל. דער שוחט אליין, האָבן געגאַפט; נישט גע־וואוסט, וואָס צו ענטפערן. נאָר, רעזקין האָט זיי נישט געלאָזן קומען צו זיך. ער האָט זיך, ווידער, גענומען פאַר דער אַלטער.

— איר מוזט, אָבער, גלייך, אריבערגיין, מיט מיר, צו יענעם דאָק־טער, מיין באַקאַנטן. ער וועט אייך ארויסשלאָגן די שרעק פון קאָפּ. אָ,

מע מאַג זיך שוין אַף אים פאַרלאָזן... אַנומלטן, ערשט, איז דאָס געווען. מע האָט געבראַכט צו אים אַ קראַנקע. אַן עלטערע פרוי. יענע איז גע-האַט געפּאָרן זיך־באָדן צום ים. געכאַפּט אַ ווינט; האָט זיך באַ איר פאַר־דרייט דער קאָפּ אָן אַ זייט... ערגער אַביסל, ווי באַ אייך, האַ?...

—...דאָ, דער דאָקטער: ער פּרוּווט דרייען דעם קאָפּ אַ ה ע ר — מיט עלעקטריק, דעם קאָפּ אַ ה י ן — ניין, ער רירט זיך נישט פונעם אָרט. ער איז פאַרקרעמפּעוועט שטאַרק, ווי אַ שטיין... וואָס־זשע מיינט איר — דער דאָקטער איז באַ זיך אַראָפּגעפאַלן, חלילה? — נו, אויב אַזוי, קענט איר אים נאָך נישט... ער איז געפאַלן אַף אַ פּשוט'ן שכל: געזען, אַז דער קאָפּ גיט זיך נישט נאָך, האַלט זיך פעסט, — האָט ער גענומען — און, אַלץ מיט דער זעלבער עלעקטריק — און אָפּגעטאָן איין קלייניקייט! געמלעך, ער האָט אויסגעדרייט דעם גאַנצן גוף, דער פרויס — אַהין, צום קאָפּ־צו. און, זי האָט באַלד גענומען גיין גלייך, ווי באַ אַלע...

איצט, האָט די גאַנצע פאַמיליע געשטוינט. פּשוט, געבליבן אָן־לשון, פאַר התפעלות.

— אוי־ווא... — איז, דער ערשטער, דער שוחט געקומען צו זיך; און, עס האָט אים באַשלאָגן, פּלוצלינג, אַ פרייד — עס לייגט זיך קוים אַפן שכל... פּלאַי־פּלאַים!...

און, ער האָט זיך, נאַרישעוואַטע, צעלאַכט, הויך, אַפן קול. די ווײַ־בער, אַף אים קוקנדיק, האָבן מיטגעלאַכט, נערוועז, צעהיצט; הגם, זיי האָבן אַליין נישט געוואוסט רעכט — וואָס. עס האָט זיי אַלעמען, פּלוצ־לינג, באַשלאָגן די זעלבע פרייד; און זיי האָבן נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט איר, — האָבן זיי זיך כאָטש גוט אויסגעלאַכט...

רעזקין; צוזעענדיק, וויאַזוי זי, די אַלטע, האָט שוין באַלד פאַרגעסן אינגאַנצן אָן איר פאַרקילונג, — האָט ער איר גענומען צוזאָגן, זי זאָל זיך אָנטאָן און צוגיין, מיט אים, צו יענעם וואונדערלעכן דאָקטער... ער איז געבליבן צופרידן פון דער הייטערקייט, וואָס ער האָט אָנגעצונדן באַ אַלעמען; אין אַלגעמיין — מיט דער מערקווירדיקער ראָל, וואָס ער האָט, אַזוי אומגעריכט, גענומען שפּילן באַ דער דאָזיקער טשודנער פאַמיליע; און, ער האָט באַשטימט באַ זיך — זי, די ראָל, אָנצוהאַלטן...

—...איר ווייסט — האָט ער ווייטער גערעדט צו אַלעמען; בעת די אַלטע איז געווען פאַרנומען, אין אַ פאַרשטעלטן ווינקל, באַם אָנטאָן זיך — אַז מע פּרוּווט רעדן צוריק, — איז, מיטן בענקען אהיים, אויך נישט אַזוי די מעשה... מאָלט אייך: אין די היינטיקע אומרואיקע צייטן; איי־ראָפּע קאָכט, ווי אין אַ קעסל; מע ריכט זיך, אַ ליאַדע טאָג — זי, די מלחמה, זאָל קומען, אַזויווי אַ פאַרפלייצונג, אַף דער וועלט. — איז דען נישט גלייכער, זאָגט אַליין, אַז איר האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון יענעם

גהנום — אַלץ ווייטער פונעם פּורעניות, האָ? — נו, און ווען איר פאַלט אַריין, חלילה, צו די דייטשן, די רוצחים, ימח־שמם — זיי זאָלן נעמען לערנען מיט אייך דרך־ארץ, — וואָלט גלייכער געווען?! — איר הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, פריינט מיינע — און רעזקין האָט, דערביי, אַרויסגעלאָזט אַ טיפן דראַמאַטישן זיפץ — איך האָב מורא, איר זינדיקט!...

איצט; כדי צו פאַרגלעטן דעם נישט־גוטן איינדרוק, וואָס זיינע לעצטע ווערטער האָבן באַלד געמאַכט אויף די פּשוט'ע מענטשן, — האָט ער גענומען פאַר זיי דערציילן אַ מעשה־שהיה; מיט אים אַליין האָט פּאַסירט, באַ דער דייטשער אָקופּאַציע, בעת דער וועלט־מלחמה, אין רוסלאַנד...

—...בדידי הוי עובדא... איר געדענקט דאָך, אַ וודאי, וויאַזוי זיי, די דייטשן, פלעגן כאַפּן אויף אַרבעט; האָבן פאַרשלעפּט, אויף גאַנצע וואָכן, אין ערגעץ, הינטערן שטעטל; איז מען אַהיימגעקומען דערנאָך קוים מיטן לעבן... מאַכט זיך, אײַנמאָל אינדערפרי. איך בין אַרויס פון שטוב; באַלד אויפן שוועל... גייען מיר נישט אָן אַנטקעגן, פון אַ צווייטן עק הויף, פון אַ הינטער־געסל, צוויי דייטשע יעגער; דערלאַנגען אַ פייף צו מיר פונדערווייטנס — איך זאָל שטיין־בלייבן... וואָס טוט מען?!

— אונזער הויף האָב איך געקאָנט גוט — בעסער פון זיי, געוויס, די היצלם. ער האָט געפירט, באַרג־אַראָפּ, צו אַ טייך; און, ער איז געווען פול — דאָרט, אין דער נידער — מיט גערטנער און מיט זייטיקע, אָפּגעצוימטע און אָפענע, געסלעך אַלערליי... איך ווייס נישט, עד־היום, ווי דאָס האָט פּאַסירט; מיט וועמעס כוח... איין שפּרונג אַהין, ווי אַ בליץ — זיי, נאָך מיר — און, איך בין נעלם־געוואָרן; איינגעזונקען...

— פון הינטער אַ פּלויט, קוק איך צו — אַליין, אָן־אָטעם־דאָן — וויאַזוי זיי בלייבן שטיין, יענע, אָט־אָ־דאָ־אָ, לעבן מיר; ממש, מיטן האַנט צו דערלאַנגען... זיי טאָפּטשען זיך אויף איין אָרט. שנאַפּן, מיט דער נאָז, די לופט, אַזוויווי די הינט... אָט, נאָך איין רגע — און, איך האַלט עס נישט אויס!...

— מיטאַמאָל, איך גיב אַ קוק: פונווייטן, פון דער נידער, קומט אָפּער אַ אידל... אַ היימלאָזער, איך האָב אים געקאָנט. ער איז געווען אַביסל צוגעדולדט, נישט פאַר נחת, אַ וודאי... ער האָט געהאַלטן, ערשט, אין פאַרשפּיליען די תחתונים, דעם קאַמזויל; צוגעקומען אַלץ נענטער... ער האָט געקוקט, די גאַנצע צייט, אויף אַראָפּ; גאָרנישט געזען, דאַכט זיך, פאַר די אויגן. נאָר, די צורה באַ אים האָט געגלאַנצט אַביסל; ווי, נאָך אַ גריילעך שטיקל־אַרבעט — אַ שווערס, אָבער — אָן אָפּגעגאָלטנס. פּראָסט־פּשוט; עס איז געווען גוט קענטיק אויף אים, וויאַזוי ער האָט זיך פיין פאַרטיק־געמאַכט; איצט, איז ער צופרידן מיט זיך, און מיט דער וועלט... באַלד, האָט ער אויפגעשטעלט די הענט אין דער הויך, צום פּנים;

און, מיט זיי, און מיט דער צורה, גענומען שאָקלען, אויטאָמאַטיש, אין ביידע זייטן; דערביי, האָט ער צוגעזונגען, צום טאַקט, פאַר זיך; מע האָט עס קוים דערהערט...

„...איך דאַנק דיר, גאָטעניו,
וואָס כ'בין אַ איד,
בין אַ איד...
טידל־דאַם־דאַם־דאַם־דאַם,
טיי־דיי־ריי,
טיי־דיי־ריי..."

— אָט די פאַנטאָמינע האָט געקאָנט רירן אַ שטיין...

— אַ פּנים, ער האָט געמוזט האָבן אַ נידעריקע ראיה, יענער באַל־וואַן. אַנדערש, פאַרשטיי איך נישט, וויאַזוי ער האָט גאָרנישט געזען פאַר זיך אָט די צוויי רוצחים, וועלכע זענען געשטאַנען און אים שאַרף אָנגעקוקט; געריבן די הענט, פאַר אומגעדולד...

— ביז, ער איז נישט אָנגעגאַנגען האַרט אויף זיי; באַלד, זיך־אָנגעשטויסן... אַז, ער קריגט נישט אַריין, פּלוצים, אַ שרעקלעכן פּלעם אי־בערן צורה — איינעם, און אַ צווייטן, נאָכאַנאַנד, און אַ דריטן... ווי, מע לאָזט אים גאָרנישט אָפּדעכן! זעען, פונוואַנען דער האָגל שלאָגט...

— עס איז, בליץ־שנעל, פאַרשוואונדן פון זיין שפּיצעכיקער צורה יענער גוטמוטיקער גלאַנץ, פון פריער. זיין אויסגעפּאַטשטער פּנים האָט, איצט, מיט־אַן־אמת, געפלאַמט, רויט, ווי צונטער — געזונט, ווי באַ אַ דאָרפישן שגץ, אקוראַט... נישט מער, וואָס ער אַליין, נעבעך, האָט זיך גאָרנישט אָנגעהערט דערמיט... ער, האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט רעכט דערגיין, פונוואַנען דער צאָרן קומט; פאַרוואָס און פאַרוואָן... זעט אויס, אַז ער האָט געמוזט זיין בלינד־פאַרביי, דער אידל... ער האָט אַצינד גע־וויינט מיט דער דאַרער אָפּגעליסעטער נאָז; מיט צעשלאָגענעם מויל און אויגן; מיט זיין גאַנצן איינגעוואַלגערטן גוף... אַזוי, האָבן זיי אים גע־לאָזן אָפן אָרט, ביידע היצלס; געשטילט אויף אים ד' רציחה און אוועק...
איצט, האָט ער צוגעטראָגן ביידע הענט צום פּנים און, ווייטער געוויינט; הילפלאָז, געבראָכן. אַזוי, וויינט אַן עלנטער איד איבער וועגן. ד ע ר א יי ב י ק ע ר א י ד. אָן טרייסט. אָן האָפענונג. ווער הערט אים דען זיין געוויין?!

— נאָר, איך איינער; וואָס בין בייגעווען אויף דעם, וויאַזוי ער האָט צוגענומען מיינע קלעפּ, — בין געשטאַנען, צוגעשמידט צום אָרט; נישט דערוועגט אַרויסגיין צו אים, אָנרירן. בעטן מחילה. פונווייטן, בין איך פאַרבליבן; מיטגעוויינט...

די גאַנצע צייט, וואָס רעזקין האָט געהאַלטן אין דערציילן, — האָט זיך די שטימונג, קענטיק, באַם שוחט און באַ די ווייבער, נישט אויפגע־הערט צו מינען, לויטן פּירגעבראַכטן. אז ער האָט געמאָלן, רעזקין, דעם איבערפאַל אַפן אידן, — האָבן די פּנימ׳ער באַ זיי ארויסגעבראַכט ספּאַנ־טאַנע שרעק, ווי פאַר אַ האַרטער געפאַר... און, באַם שוחט, האָבן זיך די הענט אויפגעהויבן, ווי פּ ו ן ־ ז י ך, צו פאַרשטעלן די אייגענע צורה... זעט אוים — האָט איטלעכער געהאַט וו אָ ס איינזינען. געברויכט עס בלויז פאַרטשעפּען, אָנרירן... איצט, ווען ער האָט געענדיקט, — זענען, ווידער, באַ זיי די אויגן געוועזן פול טרערן. אַ רגע׳לע, און עס פּלאַצט דאָ אוים אַ געוויין...

זיי זענען אַלע געבליבן צעמישט. מע איז שוין, דאָס מאָל, צום דאָקטער נישט געגאַנגען. באַלד, געוואָרן שפּעטלעך, פאַרנאַכט. מע האָט עס געמוזט אָפּלייגן אַף מאָרגן.

עס האָט אַ ציי־געטאָן אַ קאַלטער ווינט פון דרויסן, פון ארום. די אַלטע האָט זיך, מיטיינמאָל, דערשפּירט שוואַך, איינגעפאַלן. עס האָט איר גענומען ציען דאָס בעט; און זי האָט זיך ארייננעלייגט.

דער שוחט, האָט זיך נאָך אומגעדרייט, אַ ווײַלע, איבערן צימער. עס איז אים געוואָרן נישט גוט. געזאָגט, אז ער גייט אריבער אין ער־גער, מכוח ארבעט. ער איז אַוועק.

די אַלטע האָט זיך געדרייט אין בעט אַף אַלע זייטן. זי האָט זיך געקלאָגט, אז עס איז איר ביטער־קאַלט. זי האָט געציטערט אינגאַנצן; געבעטן, איר גוט איינדעקן. זי האָט זיך אויסגעקערט מיטן פּנים צו דער וואַנט; איינגענורעט אונטער דעם הויפן בעטגעוואַנט; זי איז איינגע־שלאָפן.

סערל איז, אַצינד, פאַרבליבן, איינע אַליין, אין דער גאַנצער שטוב. יענע, די שכנים פון ארום, האָבן נאָך נישט צוריקגעקערט פון דער אַר־בעט. עס איז געוואָרן מאָדנע שטיל. פּלוצים, און עס איז איר באַפאַלן אַ שרעק... זי האָט גוט געוואוסט, אז רעזקין — ער איינער — איז נישט אַוועק. ער איז, ערשט, פונויבן, באַ זיך אין צימער; לעבן דער פּילעטע (גרויסע וואַש־שיסל), אַפן דאַך, וואו מע וואַשט דאָס גרעט... אָ, ער וואַרט אַף איר. ער וויל נישט אָפּטרעטן. ער איז אַזוי שלעכט! האָט זיך אָנ־געזעצט אַף איר יונג לעבן... וויפל זי האָט זיך נישט צעבעטן באַ אים, מיט די בליקן, אז ער זאָל איר צורו־לאָזן!... נאָר, ער וויל נישט ווים; גאָרנישט פון איר ווײ, פון איר שרעק. אומעטום, גייט ער איר נאָך, מיט זיינע שוואַרצע צעגליטע אויגן. ער ברענט איר די טריט... זי האָט גאָר אַליין מורא — עס אפּערברענגען פאַר די ליפּן, פאַר עמיצן — מע וועט לאַכן פון איר... אַזוי אומגליקלעך איז זי, עלנט אַף דער וועלט... — אָ, זאָל ער איר זאָגן, וואָס ער וויל פון איר לעבן האָבן?!...

און, זי האָט ארויסבאַקומען פון ערגעץ אַ פּאָר פון אירע זאַכן צום וואַשן. שטיל, צוגעמאַכט די טיר אַהינטער זיך. מיט געפּערלעכן הארץ־קלאַפּ, זיך־געלאָזן גיין אַף ארויפצו, צו דער פּילעטע...

דאָרטן, פונויבן, האָט ער געוואַרט אַף איר; איר אויסגעקוקט; אָפּער פון דער לויער... איצט, איז נישט געווען אַף אים צו דערקענען מער ד ע ם פון תמיד — רעזקין דער מענטש. מיטיינמאָל, און ער האָט ארונטערגעריסן י ע נ ע ם בושה־שלייער — וואָס האָט, די גאַנצע צייט, געהאָנגען צווישן זיי, געציטערט... איצט, איז געבליבן שטיין פאַר איר אַ וואָלף, אַ שפּאַרבער, אָ, אַ גזלן פון וואַלד... ער האָט געקוקט צו איר, מיט ווילדער צעהיצטער פרייד... און, זי האָט, פאַר שרעק, צוגע־טאָן די אויגן; זיך־געטוליעט צו אים; געלאָזן טאָן מיט זיך, וואָס ער וויל...

ער האָט איר געקושט אין די אויגן; זיך־איינגעזויגן אין אירע ליפּן, אין די צעפּלאַמטע באַקן, אָ, אין איר שמעקעדיקן קינדישן האלז; גע־שפּירט, וויאַזוי ער טרינקט פון אַ קוואַל, אַ ברענדורשטיקער; ווערט פאַר־סאַרפעט פאַר גלוט, וואָס מער ער טרינקט; קאָן גאָר די שרפה נישט לעשן...

נאָר, זי די קליינע, האָט געשפּירט, אין זיסן רויש, וויאַזוי... ער טראָגט איר אוועק, עט־ווייט פונדאַנען... און, עס דערלאַנגט שוין צו איר, אַצינד, נאָר די לויטערקייט, די רו...

אַ ווײַלע שפּעטער; איז זי געשטאַנען, די אומגליקלעכע, אָנגע־שפּאַרט אָן זיין ברוסט; שטיל, הילפלאָז, געוויינט. און, ער, דער אויס־וואורף, האָט איר געגלעט; צו איר געשמייכלט. ער האָט איר איינגע־שטילט...

* *

פון דאַן, האָט זי זיך שוין נישט געפּרוואווט שטעלן מער אנטקעגן זיין באַגער. עס האָט אויסגעזען, וויאַזוי זי האָט זיך באַרואיקט. זי האָט אים געטרויעט מער. אַליין, געגאַנגען, אַלע מאָל, צו אים ארויף; (עס האָט געהייסן — וועש־וואַשן) באַ אים געבעטן, ער זאָל איר שאַנעווען, אַלס קינד...

און ער, האָט עס איר צוגעזאָגט. געקנופּן אין באַק און באַגרוסט פאַר איר דרייסט; איר צוטרוי צו אים... ער האָט געהאַט פאַר איר אַ גאַנצן הויפן נאַשוואַרג אָנגעגרייט. איצט, האָט ער איר אַליין געקאָרמעט, פון האַנט אין מויל, אזויווי מע גיט אַ קינד...

נאָר, פּלוצים; און, אַליין נישט־ווויסנדיק, וויאַזוי; האָט ער איר ארייננגענומען פעסט אין זיינע אָרעמס. באַלד, איז ער געוואָרן ווילד,

נישט צו דערקענען. ער האָט איר געדריקט צו זיך, ביז ווייטיק. ווידער צוגעפאַלן צו אירע ליפּן; איר פאַרשטיקט דעם אָטעם, מיט זיינע ווילדע קושן... איר געוואָרנט, זי זאָל נישט מאַכן קיין טומל... מע קאָן נאָך אונטן דערהערן...

זי, די קליינע, האָט אים געפאָלגט. געבליבן שטיל, ווי אַ קאָטינקע. אים, ווידעראַמאָל, געלאָזן טאָן מיט זיך, וואָס ער וויל. אַליין, זיך-פאַרגעסן אינגאַנצן; ווי געוואָרן פאַרטראָגן פונדאַנען; אין ערגעץ ווייט אוועק...

גאָר, באַלד, ווען זי איז געקומען צו זיך, — איז זי צוגעפאַלן צו זיין ברוסט; מיט פאַרמאַכטע אויגן, זיך־געטוליעט אין אים; און, שטיל, קינדיש, געוויינט. זי האָט, ערשט, אויסגעקוקט אױף זיין לאַסקע; ער זאָל איר אַ גלעט-טאָן; נעמען איינשטילן מיט אַ וואָרט...

אָבער, ער, דער אויסוואורף, איז, דאָס מאָל, געבליבן אָן אכזר. ער האָט איר געצוואונגען, זי זאָל אים צוריקקושן אין די ליפּן, פאַר זיין ליבע צו איר. אַנישט, לאָזט ער איר נישט אָפּ...

און, זי, די קליינע, האָט אים געקושט, מיט ליבע און געטריישאַפט. (אַזוי האָט זיך איר אויסגעוויזן.) אין זיינע טרוקענע הייסע ליפּן. זי איז צוגעפאַלן צו זיינע הענט און זיי באַנעצט מיט אירע זודיקע טרערן...

זי האָט אינגאַנצן געצאַפּלט... איצט, האָט ער צוגענומען איר צע־שויבערטן קאָפּ האָר פון זיינע הענט; אויפגעהויבן איר פּנים צו זיך... זי האָט, מיט שטוינען — צום ערשטן מאָל — דערזען טרערן אין זיינע אויגן... ער האָט געקוקט צו איר, מיט אַזויפיל געבעט, און געוויין...

...„אבי, זי האָט געטראַכט, די גאַנצע צייט, וועגן אים, אַז ער איז שלעכט. אַ מענטש אָן אַ האַרץ... אָ, ווי טיף-אומגליקלעך ער מוז עס זיין, דער אָרעמער, אַז ער וויינט!...”

זי, האָט שוין אינגאַנצן פאַרגעסן אָן זיך. גרייט געווען, ערשט, אים מוחל־זיין פאַר אַלץ. רחמנות און גליק האָבן זיך געשלאָגן אין איר האַרץ פאַר אים... זי האָט אויפגעהויבן צו אים אירע קינדערשע אָרעמס. אים געפאַלן אַפן האַלז. באַניים זיך צעוויינט; איניינעם מיט אים...

* *
*

אונטן, אין שטוב, האָט מען זיך דאַרויף געכאַפּט. גענומען געבן רעכענונג, ווי ס'טוט זיך דאָ עפּעס; וו אָ ס קומט דאָ פאָר...

עס האָבן עס, צום-אַלעם-ערשט, געמערקט די אַנדערע שכנים. באַלד, גענומען טייטלען, בעת'ן פאַרבייגיין — דאָ, אױף רעזקינען, און אַפן מיידל; געשושקעט זיך אין די ווינקלען; געלאַכט...

ביז, דאָס האָט דערלאַנגט צום שוחט אַליין...

ער איז געבליבן געפּלעפט... באַלד, באַם-אָנהויב, גאָרנישט געוואָלט הערן דערפון. געמומען אַוועקמאַכן מיט ביידע הענט; מיט דער גאַנצער, קינדיש־ווסטרעוואַזשעטער, צורה זיינער:

—...וואָס רעדן מענטשן, וואָס?!...

ער האָט זיך, אפילו, געפּרואווט אָננעמען פאַר רעזקינען — אָן יע־נעמס וויסן — פאַר דעם געמיינעם בילבול, וואָס מע גייט דאָ ארויפ־וואַרפן אויף אים...

—...אזא נ׳איידעלער מאַן!... ווי ס׳וועט אים, נעבעך, אַרן, אז ער ט׳דערגיין אַלעס...

און, ווען אייניקע שכנות, אַלטע יאַבעדעס — אזוי ווי די זלידנע פליגן אַלציינס — זענען צוגעשטאַנען צו אים...

—...ס׳טייטש, זיי אַליין האָבן געזען — מיט די אייגענע אויגן?!...,, —

האָט ער זיי אַלע געפּרוווט איינגעמען, דער שוחט, מיט זיינע גו־טע רייד. איצט, האָט ער זיך שוין געהאַט איינגאַנצן בארואיקט; לפּחות, אויסערלעך... עס איז אים, פּלוצלינג, געקומען אפן רעיון די מעשה, וואָס מע פלעגט דערציילן, אַלע יאָרן, בא זיי אינדערהיים, ווענן דער אסיפת-הרבנים אין ווין...

—...קיין ווין הבירה זענען זיך, יענץ מאָל, אויפגעקומען, אַלע גרעסטע — פון גאַליציע, פון בעהמען, מעהריש־אָסטראו, כדי לחזק היהדות — טראַכטן, וואָס פאַר אַן עצה גיט מען זיך, בעוונותינו הרבים, וואָס אידישקייט גייט אונטער, חס-ושלום... געווען דאָרטן איינער א רב; ער האָט געהאַט מיטגעבראַכט מיט זיך א מטבע פון אברהם־אָבינו, עליו-השלום... ער האָט זיך געריממט מיט איר פאַר אַלע רבנים; און, זיך געקליבן זי צו ווייזן, די מטבע, אויף דער גרויסער וועטשערע... ערשט, אז אַלע זענען שוין געווען אויסגעזעצט אויף די ערטער, פאַר די טישן, און געוואַרט — איר קאָנט אייך שוין פאַרשטעלן, וויאַזוי, — כאַפּט זיך, פּלוצים, דער רב — די מטבע איז נישטאָ! — ער האָט זי אַליין געהאַלטן, ערשט דאָ־נישט-לאַנג, בא זיך, אין וועסטל־קעשענע; און דאָ איז זי נעלם-געוואָרן!... וואָס טוט מען?! — באַלד, הויבט זיך אויף א טומל, א רעש. מע נעמט זיך איבערקוקן... קיין גנבים, דאַכט־זיך, זע־נען דאָ נישט געווען... נישט אַנדערש...

—...ערשט, מע גיט א קוק: דאָרט, אין ווינקל, באַם טיש, זיצט א יונגער רבל; נישט־טויט-נישט־לעבעדיק אפן צורה; און, ער האַלט זיך פאַרן וועסטל-קעשענע... אַלע בלייבן דערשטוינט... אָט, ד ע ר זאָל עס זיין!... און, מע וויל זיך א נעם-טאָן פאַר אים... אָבער, בזו־הרגע —

און אלץ, אזוי־פלוצים, אומגעריכט — גיט נישט א לויף-אריין דער הויז־דינער, א פראל-אוים די בשורה:

„—...זי איז דא, די מטבע!... מע האט זי געפונען בא יענעם רב (דעם ערשטן) אין חדר. בא אים אונטערן בעט..."

—...זיך־פארקייקלט, א וודאי, אין א ווינקל; איז זי דארט געלע־גן; ביז וואנען מע איז געקומען קערן, זיך אנגעשטויסן אף איר... עס ווערט א פרייד, א גדולה. בא אלעמען אראפ א שטיין פונעם הארצן... זיך־געקליבן, אומזיסט-אומנישט, א בילבול, חלילה, אויסטראכטן אף אן אידן... (געמיינט — יענעם יונגן רב, דעם צווייטן.) נאר, איינס איז דאך קשה בא יעדן: — וואס איז ער אזוי געבליבן, טויט־בלייך אפן צורה; געהאט זיך, וואס צו דערשרעקן?! — מע מוז עס אים פרעגן די זאך! —

— טא, הערט, וואס עס האט זיך ארויסגעשטעלט: — ער אליין, דער רבל, האט אויך געהאט, זיין אייגנס, אברהם-אבינום א מטבע. און, עס איז געווען, ווען ער האט דערזען, וויאזוי מע גייט דא זוכן בא יעדן, — האט ער באקומען מורא... און, א פשיטא-שוין, דערנאך, אז אלע האבן גענומען קוקן נאר אף אים; געבליבן פעוונע, אז דאס איז ער... הגם, מע האט עס נאך קיינער, חלילה, מיטן פולן מויל נישט ארויסגע־בראכט... אבער, איר ווייסט דאך — כי באפם הרגו איש... אמאל, ווען מע דערזעט נישט; נאר, מיט דער בלויזער נאז... — און, איר האט שוין, חלילה, מיינע שונאים, אומגעבראכט א מענטשן...

די לעצטע ווערטער האט דער שוחט ארויסגערעדט, אזוי־ווי מיט תחנונים, צו די ארומיקע. שטומערייט, בא זיי געבעטן, מיט די בליקן, מע זאל אף אים רחמנות-האבן... אף דער אלטער; זי איז קראנק... אף איר אליין, סערלען; א מיידל, קיין עין־הרע, פאר לייטן... ער האט, פלו־צים, באקומען חולשת-הלב; זיך-אנגעכאפט פארן הארצן; און, מיט א געבויגענעם קאפ, מיט קליינע צעפארענע טריט, אזוי־ווי אן אבל, רחמנא־ליצלן, זיך-אוועקגעשארט צו זיך, אין צימער...

...נאך באלד, בעת'ן רעדן, איז אים, פלוצים, איינגעפאלן אזוינס, וואס האט געמאכט אויפטרייסלען זיינע געהירן אין מארך, פאר פירכ־טערלעכער מורא... נעמלעך, עס איז אים, מיטאמאל, אנגעקומען אפן רעיון, וואס י ע נ ע ר אליין, רעזקין, איז אים געגאנגען דערציילן...
— בסך־הכל, דא, ערשט, יענע וואך, איז דאס געווען — נאר,אנטקעגן וואס איז דאס געקומען צו רייד?!...

„—...איר ווייסט, ר' מייכל?... דא אין אמעריקע — קוים נעמט אונטערוואקסן א טאכטער, — איז, באלד אויסגעגיבן פאר לייטן! מע ווארט נישט — איר הערט?... מע קאן קיינמאל נישט זיין קיין חכם, דא..."

אזוי, האָט ער איינגעַ'טענה'ט מיט אים; און, בעת-מעשה, אַליין געקוקט אהין, צו דער שאפע... דאָרט, וואו סערל איז געשטאַנען פאַר-פאַרעט, כלומר'שט — אַ, ע ר ש ט, זעט ער דאָס איין אזוי קלאָר!...

— נאָר, אין־דער-אמת'ן, האָט זי זיך גוט איינגעהערט אין יעדן וואָרט זיינס, וואָס ער האָט ארויסגערעדט...

„— וואָס איז דער שכל?" — האָט ער אַליין, דאן, (דער שוחט) באַ אים באַלד געפרעגט; פשוט, געוואָלט דערגיין די סיבה, פארוואָס.

נאָר, ער, רעזקין, האָט נישט געענטפערט גליך, ווי אַ מענטש. ער איז גאָר געוואָרן ברוגז און צוגעוואָרפן:

„— נישטאָ דארויף קיין שכל..."

אָבער, באַלד האָט ער זיך עפּעס צעשמייכלט... (אָ, ער איז אים דאן אזוי נישט געפעלן... אים פאָרגעקומען פארענדערט, פלוצים; גאָרנישט דער, וואָס תמיד...) און, ער האָט ארויסגעזאָגט:

„—...עס איז יענער שכל, ר' מייכל... איר ווייסט דאָך — ובת כוהן, כי תחל..."

באַ אים — אזויווי ער וואָלט אים דערלאַנגט דאַן מיט אַ האראַפּ־ניק איבערן קאָפּ... ער האָט געקוקט צו אים, מיט תרעומות און זאָרג:

— וואָס האָט ער דאָ געזאָגט, וואָס?!...

נאָר, ער, רעזקין, האָט אים שוין נישט געלאָזן מער ווארטן. גענו־מען דערציילן עפּעס אַ מעשה פון ר' אייזיק האָמלער. איז געקומען אמאָל צו אים אַ פאָטער פון אַ קינד... „רבי, מיין טאָכטער איז נכשל געוואָרן; האָט רחמנות..." — וואָס-זשע טוט מען?... אַ אידישע טאָכטער... און ער, ר' אייזיק, האָט דערלאַנגט אַ טיפן זיפץ, אין זיך; זיך גענומען שריי־בן דעם כתב... „ליהוי ידיעאָ, מע זאָל וויסן-זיין, אז זי, בת פלוני, די טאָכטער פון דעם... איז אַ בתולה כשרה וצנועה, אן ערלעך אידיש קינד... נאָר, מיט איר האָט אַן אומגליק פּאַסירט; וואָס זי האָט זיך, נעבעך, אויסגעגליטשט, און געפאלן אף אַ האָלץ... איז זי געוואָרן אַ מוכת־עץ..."

— בלויז, צולעצט; און, מיט קליינע אותיות, פונונטן —. אז מע האָט זיי קוים געקאָנט מערקן — האָט ער געלאָזן די צושריפט: „...כי האדם עץ־השדה..."

—...נאָר, אַנטקעגן וואָס האָט ער עס אים דערציילט דאָס אַלץ, וויל ער וויסן! — צ ו ל י ב וו ע ל כ ן ?!...

און, ער איז געבליבן זיצן, פלוצים, דער שוחט, אזוי ווי איינגעבראָ־כן! פון אַ פלעט איבער זיינע געהירן פון קאָפּ. ווייסט און אויסגעלאָשן איז געוואָרן באַ אים די צורה; פארווירט און צעמישט. ער האָט געקוקט פאר זיך, מיט אָפענע צעשטרעקטע בליקן; און, ער האָט, דאכט זיך, גאָרנישט געזען מער פאר די אויגן, גאָרנישט...

אָבער, לאַנג אזוי, אָט אַ פנים, פאַרבלייבן האָט ער נישט געקאָנט...

אויפגעשטאַנען פון אָרט, אַ זקנה'ש-איינגעוואַלגערטער, אַ צעשויבערטער. ער איז צו צום בעט, וואו זי, די אַלטע, איז געלעגן — שוין פון טעג, אַזוי — אַלץ געליטן פון דער קעלט; זיך-גאַרנישט געקאָנט דערוואַרעמען. ער האָט זיך איבערגעבויגן; איר גענומען שטורכן, מיט זיינע ביינערדיקע שפּיצעכיקע פינגער, אין אַלע זייטן, וואו ער האָט נאָר געטראָפן...

— שטיי נאָר אויף, קיילע — דו פאַפּסט?!... אָ, איך האָב מורא — דאָס גרויסע אומגליק האָט אונז געטראָפן...

און, ער האָט ארויסגעהיילט, ווי אַ טויטלעך־פאַרוואונדעטע טהיר...

*            *

וואָס דאָרט האָט זיך אָפּגעטאָן, דערנאָך, אינעווייניק, אין די פאַרשפּאַרטע צימערן, איז שווער געווען צו דערגיין. זיי זענען געבליבן שטרענג-אָפּגעשלאָסן פאַרן בייזן גייגעריקן אויג פון דרויסן... עס האָט זיך אויסגעדרוכט, וויאַזוי מע הערט סערלם געוויין; דער אַלטערס פאַרשטיקט קלאָגן; און זיינס, דעם שוחט'ס, קול, וואָס באַפעלט זיי, די ווייבער. — ס'זאָל זיין שטיל! — ווייל, טאָמער נ י ש ט — אַזוי פלעגט ער די קעפּ זיי ביידן!...

עס האָט געמוזט זיין די בושה אַזוי גרויס בא אַלעם דרייען, אַז מע האָט זיך נישט דערוועגט צו ווייזן דאָס פּנים, אין די טעג, פאַר ליטן. און, בלויז ערשט אָפן אָוונט, שפּעט באַדערנאַכט; האָט זיך דער שוחט ארויסגעמאַכט, ווי אַ גנב, אַף די שפּיץ־פינגער — אַז קיינער זאָל עס נישט באַמערקן. ער איז אַוועק אין דרויסן; זיך געזאָמט לאַנג; און, אַ נאָך־שטילערער פון פריער, צוריקגעקערט; באַלד, נעלם-געוואָרן הינטער די טירן פון די אָפּגעשפּאַרטע צימערן...

די שכנים — גוטע, האַרציקע, געטרייע מענטשן, — זיי האָבן נישט געקאָנט איינרוען. געפּרואווט אויפהאַלטן דעם שוחט, איין מאָל, און אַ צווייטס, בעת'ן ארויסגיין, אַריין:

—...ס'טייטש, וואָס שווייגט ער? — וואָס-זשע — אַ וועלט, חלילה, איז הפקר?! — מע לאָזט אים שמידן אין קייטן, דעם רוצח!... —

נאָר, ער, דער שוחט, אַזויווי אַ שטומע צונג, — פלעגט צעפּירן בלויז מיט די הענט; ווי איינער רעדט: — וואָס וועט עס געבן?!... — באַלד, איז ער פאַרשוואונדן.

*            *

רעזקינען אליין, האט זיך קיינער נישט דערוועגט צו זאגן עפעס דערוועגן. אזוי שטרענג האט ער זיך פארהאלטן צו די שטוב-מענטשן, דארט פונונטן... גוט־מארגן, גוט־יאר — פונדערווייטנס! — געצאלט די־רה־געלט צו דער צייט; און ווייטער, גייט עס קיינעם נישט אן!... —

ער האט גוט צוגעזען, וואס דא טוט זיך, באם שוחט אין די שטו־בן... ער האט זיי, דארט, אלעמען, געמוזט איבערשרעקן אף טויט. איצט, דערוועגט ער זיך אליין נישט מער ארייננגיין צו זיי; זיי אויפקלערן; בא־רואיקן... עך, נישטא, מיט וועמען צו רעדן!... נו, און זי, סערל? שוין־זשע וועט זי נישט ארויפקומען — כאטש, נ א ך א י י נ מ א ל — צו אים פונויבן, זיך-טרעפן, בלייבן אליין?!...

...ערשט איצט, איז אפערגעקומען פאר זיין בליק דער גאנצער תהום, וואס איז דא געלעגן אויסגעשפרייט צווישן זייביידן; צווישן אים און איר — א, צווישן זיין לעבן פון טרוים און וויזיע, העכסטן פרייען שוואונג צו אלעם מעגלעכן, באגערטן — א לעבן פון פלאם און בראנד, — און איר, דער קליינער זיסער שמעטערלינג, וועלכע האט נאך רעכט אירע פליגל נישט אויפגעמאכט, א שטרעק־געטאן צום פייער — און, שוין ליגט זי, אין ערגעץ א ווינקל; פארסמאליעט, פארברענט; און, די גאנצע וועלט ארום קלאגט אף איר חורבן...

---

ער האט, איצנד, געאיילט אהיים, רעזקין; פארטאפלט זיינע טריט. ווי, מיטיינמאל, דערשפירט — עס קאן נאך ווערן שפעט... ער איז גע־ווען אין כעס אף זיך, הלמאי ער האט זיי פארשוויגן; געלאזן גיין, ווי עס גייט — זיי געלאזן איר האלטן פארשפארט, די גאנצע צייט... — איר, א וודאי, געמוזט פייניקן, דער אומגליקלעכער, פאר זיינע זינד... — ער וועט ש ו י ן ארייננגיין צו זיי. אויפברעכן די טירן. ווייזן, עס איז נישט הפקר קיין וועלט! —

נאר, אז ער איז שוין געווען אינעווייניק, אין הויז; זיך־געלאזן צום שוחט'ס צימערן, — איז אים אנטקעגנגעקומען, מיטאמאל, א מאדנע שטילקייט. וואס האט גערעדט...ביידע צימערן זענען געשטאנען, ברייט צעעפנט. זיי זענען געווען ליידיק. און, פון זיי ארויס, האט עס געגרייכט די שטילקייט, וואס האט געשראקן, גערופן, געמאנט... אזוווי א פאר־שפילט לעבן א יונגס; וואס האט צו דער וועלט א טענה; און, עס וויינט...

ער, רעזקין, האט זיך פארהאלטן, א ווײלע, דא, פארן גרעסערן צי־מער... ער האט, ערשט, געזען געננוי, וואו יעדער חפץ איז געשטאנען. די שפיגל-שאפע. דער טיש, געדעקט אף ווײס... די אפגעריבענע מעשענע לייכ־טער — געצונדן. זי, די אלטע — ...א, ווי די מאמע זיינע, אין די קינ־

דער־יאָרן... — שטייט, און זי בענטשט ליכט. זי וויינט, אין דער שטיל...
באַ דער האַנט — סערל, אַן אויסגעצוואָגענע; אַ בליענדיע; אַ פאַרשעמ־
טע; און די צוויי געדיכטע פאַרפלאָכטענע צעפּ אַף אַ הינטער...
... אָ, טייערע מיינע, קינדעלע...
און ער האָט זיך אַ וואָרף-געטאָן אַף פאָרויס; צו אירע טריט...

...נאָר, אין דער רגע;
האָט ער באַמערקט, אַנטקעגן, אין דעם שאַפּע־שפּיגל,
אַ מאָדנע בילד...
ע ס  א י ז  ד ע ם  ט אַ ט נ ס  ג ע ש ט אַ ל ט.
עס גייט אַף אים; און, עס דראָעט...
אָבער, ווי קומט ער אַהער?!...
ניין. דאַכט-זיך, עס איז  ע ר —איינער אַליין,
אַזוי־פּלוצים־פאַרענדערט, באַלד גישט צו דערקענען...
נאָר, ווען מע קוקט זיך גוט איין, זעט מען,
וויאַזוי — ע ס  ג י י ט  אַ ר ו י ס  אַ ף  א י ם,  פּ ל ו צ י ם,
ד ע ם  ט אַ ט נ ס  ג ע ש ט אַ ל ט . . .
אָ, ער פילט עס, ווי אַ שווערע, נאָר אַ ליבע לאַסט.
נישט, עס דראָעט. נאָר, עס וויינט אַליין, פאַר צער...
און, עס בויגט אים אַראָפּ, אַצינד, ביז צו דער ערד.
ער, זאָל פאַלן פאַר איר, אין שטויב, אַליין, געבראָכן...
אָ, זאָג, קינד — געדענקסטו נאָך אַלץ? ביזטו מוחל?!...

---

## זעקסטע טייל.

# רעזקין, און דאס קינדערשע געזאנג

ער האָט זיך, מיטיינמאָל, דערשפּירט שלעכט, רעזקין. פאַרלוירן דעם קוראַזש; זיין זעלבסטזיכערקייט פון תמיד. אַ געבויגענער, האָט ער פאַרלאָזן דאָס גרויסע אויסגעלייַדיקטע הויז. ער איז אַרויס אינדרויסן. גענומען גיין, מיט אומבאַקאַנטע גאַסן, אינגאַנצן אין אַ אומבאַשטימטער ריכטונג. אַזוי האָט עס אויסגעזען...

עס איז געווען, ערשט, די פאַרנאַכט-שעה אין דער גרויסער שטאָט. אומעטום, געדיכטער מענטשן־זשום; פאַרשטאַרקטער בראַזג און געפּילדער פון אומצייליקע קאַטשן אַלערליי. אַלעס האָט געאײַלט אין ערגעץ; געשווינד, מיט לוסט, געיאָגט, געטריבן... פון ערגעץ אויבן, און פון זייטן פאַרשיידענע — דורך דעכער, און שמאָלע קווער־געסלעך אַלערליי — האָבן געשלאָגן, געריסן־זיך סנאָפּעס רויטע שטראַלן, פון זונפאַרגיין; געטונקען די מויערן־ווענט, די יאָגנדע קאַטשן און די מענטשן־מענגעס אין העלע קאָלירן צעשייַנטע; געגלאַנצט און פאַרן אויג געבלענדעט; געלאַקט און גערייצט דאָס צעשטורעמטע געמיט מיט אויפגערעגטער וויזיע פון טויזנט-און־איין־נאַכט; געמאַניעט און גערופן אין ערגעץ, אַ, אין יענעם וואונדער-לאַנד פון אַלע באַגערן און מעגלעכקייטן; אַוואו אַלץ בליט אויף אַזוי שנעל; אָבער, נאָך שנעלער פאַרוועלקט עס, דאָס גליק, די שיין, די פרייד... אַ, איין אויגנבליק נאָר, און — עס איז שוין נישט געבליבן קיין זכר פון איר מער... און, דאָס לעבן טרייבט, אין אימפּעט, פאָרויס... טאַ, יאָג־זשע, דו, נאָך איר — אָרעמער מענטשנס-קינד. זויף גליק, זויף פרייד, און כישוף-ליכט. בלענד, און ברען, און ווילדער ווער... אַ, פאַרמיש דיין פרייד אין איר זודיקער טרער...

אַלץ האָט געאײַלט, געטראָגן אין פאָרויס.

עס ווערט, מיטיינמאָל, אָפּגעטאָן די זונען־שפּיל פון פאַרגיין. אָוונט פאַלט צו. נאָר — גאָרנישט בלייבט געענדערט, אַצינד. טויזנטער ליכטער אַלערליי; אַלציינס, באַפאַלן דיך — פון אומעטום, וואו דו ביזט; לעשן, צינדן דאָס בלוט, אין כף-הקלע; טינקען דיך אין שאַרף־צעשטרייפּ־

טן רויש, אין־טונקל־אין־ליכט; בענטשן דיך; אָ, זיי לאַכן דיך אויס; זע אַליין — זיי שטעלן דיר ארויס אַ צונג...

...אַ צערודערטער, האָט זיך רעזקין געטראָגן מיטן שטראָם. עס איז געקומען די שעה, ווען די ערשטע אָונט־צייטונגען באַווייזן זיך איבער די גאַסן; צינדן באַניים אָן די לופט מיט ברענשטאָף און ראַקעטן־ליארעם פאַראַמאָל... אומצייליקע קאַניליטן(1) האָבן זיך, אַצינד, געשניטן וועגן, אין אַלע זייטן, דורך דער מענטשן־מאַסע. זיי האָבן עלעקטריזירט דאָס, אַזוי־אויך־אָנגעהיצטע, געמיט מיט דעם שאַרפן אויסרופן די לעצטע נייס פון דער בלוטנדער אייראָפּע אין קריג... עס קעמפט דער מידער, קראַנקער קאָנטינענט. מיטיינמאָל, זיך־אויפגעהויבן — אין פאַרצווייפלונג; אין לעצטער פאַרפייניקטער שאַנד — זיך־אַ טרייסל־אָפּ־געטאָן פון פיינט־און־פריינט־באַנאַנד; — אָ, ער קומט, אַצינד, זיך אַליין צעשטערן; דאָס גוטע, דאָס בייזע — באַגלייך, אויפרייסן, פאַרניכטן; און — גאָרנישט וועט בלייבן מער פון דער אַלטער וועלט — דו הערסט?!...

---

...עס איז געווען מיט אַ צייט צוריק. רעזקין — אַ לערער נאָך דאַן — האָט צוריקגעקערט, אַ מידער, דערשעפּטער, פון דער וויטער פּראָווינץ — אין דער הויפּטשטאָט... ער איז שוין פאַרבליבן דאָ. געשפּירט, אַז ווייטער אָנגיין דערמיט וועט ער נישט קאָנען מער. זי, די לערערייַ, וועט אים איינגאַנצן דערקוילענען... ער האָט גענומען זוכן עפּעס אַנדערש.

עס האָט זיך נישט געמאַכט; און, ער האָט געהונגערט... ער איז געווען שוואַך און קראַנק. נאָר, ער האָט דאָס פאַר קיינעם נישט ארויסגעבראַכט. געהיטן, דער עיקר'שט, פאַר חברים. געדריקט, אין דער שטיל, אָף ווי־ווייט עס האָבן געקלעקט די כוחות...

איינמאָל; קומט אָן אַ ידיעה פון אויסלאַנד וועגן טויט פון אַ גרויסן אידישן דיכטער... אַלע האָבן אים געקאָנט. געלערנט באַ אים, אין דער יוגנט. באַזונדערס, אים גוט געדענקט פון דער צייט, ווען ער איז דאָ געווען, אין לאַנד, אָף באַזוך; עס אויסגעפאָרן, אין דער לענג און אין דער ברייט...

מע באַשליסט איינאָרדנען אַ פייערלעכן טרויער־אקט. מע נעמט זיך דערפאַר, מיט ברען. ער, רעזקין, האָט שוין דאַן געהאַט דעם נאָמען פון אַ רעדנער; און, מע האָט פאַר אים אָנגעבאָטן דאָס הויפּט־וואָרט; דאָס הייסט, אַ געוויסע אָפּשאַצונג פונעם פאַרשטאָרבענעם.

---

1) צייטונגס־פאַרקויפער.

א וודאי, האָט ער דאָס אָנגענומען. געדאַנקט פאַרן צוטרוי, וואָס מע גייט אים דאָ אַרויסווייזן... נאָר, ווען עס איז געקומען דער טאָג; האָט ער געקלערט פאַר זיך:

— וויאַזוי רעדט מען, אז דו האָסט נאָך, היינט, אין דיין מויל נישט געהאַט?!...

דאָס מאָל, האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט; עס פאַרטרויעט איי־נעם, דעם אָנפירער פונעם אקט...

אָבער, יענער גראָד; געמוזט זיין פון די קלוגע; האָט אים אָנגע־קוקט, מיט חידוש. געשיינט צו זיין אויפריכטיק. ער האָט נישט פאַר־שטאַנען...

—...פאַרקערט. אז איר וועט האָבן פאַרבליבן הונגעריק, דעם גאַנ־צן טאָג, — וועט איר, ערשט צולעצט, באַנאַכט, קאָנען אויפטרעטן מיט פייער, און עכטן דיכטערישן צאָרן!...

רעזקין האָט א בליק־געטאָן צוריק אַף יענעם. איין רגע בלויז... און, ער האָט אים אָפּגעשווינגן. פאַרפאַלן...

געקומען אָפּן אָוונט. אין א גרויסן סאַלאָן, אין צענטער. פאַרזאַמלט אַסאַך עולם... אז רעזקין האָט, צום ערשטן מאָל, א קוק־געטאָן, אויס דער בינע אַפּער, אַף דער געדיכטער מענטשן־מאַסע, — איז דאָס פאַר־חלש'טע האַרץ זיינס — פונעם טאָג הונגער — באַניים אנטפאַלן אין אים, פאַר שרעק... וואָס וועט ער זאָגן אָט די אַלע מענטשן, וועלכע זע־נען, א וודאי, געקומען אויסהערן זיין וואָרט?

—...גיין, אויפדעקן פאַר זיי דעם דיכטערס פּיין — אַרויסשטעלן זיך־אַליין אַף חוזק פאַר פרעמדן קאַלטן געמיט?... וואָס ווייסן אָט די אַלע פון שלאָפלאָזע נעכט, אין זיסן שווידער פון שאַפן?!...

זיין אָרעם האַרץ איז, מיטיינמאָל, געוואָרן פאַרפולט מיט צאָרן און שטאָלץ. נישט מיט זיין קראַפט, האָט ער גענומען רעדן צום פאַרזאַמלטן עילם; ווען ער האָט שוין, אפילו, רעכט פאַר די אויגן נישט געזען...

אָבער, ער האָט אים מיטגעריסן — אַזוי, האָט ער אַליין געפילט...

און, עס איז געווען באַם פאַרענדיקן. דער זעלבער עולם מענטשן — אויס דאַנקבאַרקייט, מן־הסתם — האָט אים באַשאָנקען מיט לאַנגע שטור־מישע אָוואַציעס... באַלד, באַם אָנהויב, איז עס אים, אפילו, רעזקינען, א חידוש געווען — אָט דאָס אָוואַציאָנירן, אַף א טרויער־אָוונט. עס האָט אים שאָקירט אביסל. באַלד, נישט־ניחא־געוואָרן אינגאַנצן...

אָבער, די אָוואַציעס האָבן אַלץ נישט אויפגעהערט. פאַרקערט. זיי זענען, וואָס־א־מאָל, געוואָרן שטורמישער און, מיט מער באַגייסטערונג...

דאָ, האָט שוין אים אַליין, רעזקינען, גענומען מיטרייסן. אביסל, געלאָזן אָפּגיין, אפילו, פון זיין האַרץ־געפּריר און פון זיין פריערדיקן פאַרדרוס — צו־אַלע־די־אַרום — ד י ז א ט ע — אַזוי, האָט ער, אין זיין הונ־

גער, זיך־פאַרגעשטעלט... ערשט, האָט ער אויך דערפילט אַ דאַנקבאַר־קייט צו זיי, וואָס ווייזן כאָטש, וויאַזוי אָפּצושאַצן דעם דיכטערס אויפ־ריכטיק וואָרט...

און, אַזוי ווי ער איז געשטאַנען אינדערמיט בינע, — האָט ער זיך געגומען נייגן פאַר די אַפּלאָדירער; אַלץ טיפער. ווייל, אויך זיי, די אָוואַ־ציעס, זענען געוואָרן, וואָס־אַ־מאָל, שטאַרקער... אָ, זיי האָבן זיך גאָר־נישט געקליבן אויפצוהערן...

ביז, ער דערשפּירט נישט, מיטאַמאָל, ווי מע ציט אים פרעך פאַרן אָרעם:

— וואָס האָסטו זיך צענויגט אַזוי, פון דער העלער הויט? זעסט נישט, ווער עס איז דאָ?!

און, ער האָט זיך אַרומגעקוקט. לעבן אים איז שוין געשטאַנען די באַרימטע קינסטלערן־רעציטאַטאָרן; וועלכער מע האָט געהאַט איינגע־לאַדן צום אָוונט. זי האָט געשמייכלט צום באַגייסטערטן עולם; אַליין, ווי אַ גוטע, האַרציקע מאַמע. און, אַלע מענטשן, גערירט ביז טרערן, זענען געשטאַנען און האָבן איר געדאַנקט...

* *

די טעג זענען געגאַנגען. רעזקין האָט אַלץ געהונגערט. ער האָט גע־זוכט, גענישטערט, צווישן פריינט, באַקאַנטע; פּאַקן עפּעס אַ סטאַבילע טואונג, אַן אַרבעט. ניין. עס איז נישט אונטערגעקומען אַ זעלכס.

ער איז אַרויס אין גאַס מיט אידישע ביכער, פּאַרקויפן. ער איז נישט געגאַנגען סתם־אַזוי, אַף הפקר. ער האָט אָפּגעקליבן פיינע לייט, פּראָגרעסיווע; מיט אַ בעסערן געשמאַק; מיט מער אחריות פאַרן מאַ־דערנעם אידישן וואָרט. צו אַ זעלכע האָט ער געקאָנט האָבן מער צוטריט. זיך־אָנלייגן מיט דער טענה:

— ווער דען, אַז נישט זיי?!

ער איז, פּאַוואָליע־אַזוי, אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער מחיה־בזויה... גיין, און אויספלאַפּלען, איבערן טאָג — אַ וועלט... קולטור. שמור, ברורר... אַז, עס האָט באַלד געגומען קערן די גאַל באַ אים אַליין; און באַ י ע נ ע ם — אָ, ער האָט עס גוט צוגעזען!... — פאַר וועמען ער האָט פאַרלייגט די טענות... עקל און פאַרדרוס האָט אים, ערשט, געוואָרגן — באַם אַרויסברענגען פאַר די ליפּן די אַלע איידעלע מאַטע־ריעס; און, באַם צוזאַמענטרעפן־זיך מיט די — ב ע ס ע ר ע טוער פאַר אונזער דערהויבענער קולטור...

אָבער, קיין ברירה איז נישט געווען, דערווייל. און, ער האָט גע־מוזט גיין אין שפּאַן... מיט דער צייט, האָט ער זיך אויסגעלערנט, צו

באמערקן אף די איידעלע קולטור-צורות — בא די, מיט וועמען ער האט געהאנדלט — אזא זאנפטיקן שמייכעלע צו אים — דעם שנארער און אנלייגער... אבער, גלייכצייטיק, האט ער אויפגעכאפט, מיט שטוינען — וויאזוי, דאס לאזט א י ם - א ל יי ן גאנץ-געמיטלעך־גוטמוטיק צו דעם. נישט, עס זאל אים אנהויבן ארן. נאר, גראד פארקערט: עס נעמט אים, וואס א טאג, אלץ מער געפעלן ווערן...

אזוי, האט ער: איינמאל, אין א פרימארגן — מיט זיין פעקל בי־כער אונטערן ארעם — אנגעקלאפט אן דער טיר פון א גאר-גרויסן קול־טיר־מאן, א רייכן שניט-קרעמער... ער האט געקאנט די פאמיליע, די קינדער.... עס האט אים געעפנט דאס דינסט־מיידל; א סימפאטיש-שמייכלענדע טאכטער פון לאנד. געפרעגט, וואס ער פארלאנגט; אוועק; און, גלייך, צוריקגעקומען מיט אן ענטפער, אז — ער, דער באלעבאס אליין, איז שוין אין גאס; נאר, זי, די באלעבאסטע, נעמט א באד...

רעזקין האט באשלאסן אויפצוווארטן אף דער פרוי. ער האט ארויס־באקומען פון א קעשענע א זיסווארג, (וואס ער האט געהאט, פאר אזא פאל, פארגרייט;) עס איר דערלאנגט, דעם מיידל, וואס בא דער טיר. איר א זאג-געטאן, אז — שיין, איידל איז זי, די נאבעלע טאכטער פון לאנד... טא, זאל זי זיין צו אים אזוי געפעליקסט; און איבערגעבן דער באלעבאסטע, אז — דער מענטש ווארט...

דאס מיידל האט באניים זיך־צעבליט אין אויפגעלויכטענעם שמייכל. זי האט געפאלגט און איז אוועק. איין ווײַלע בלויז געזאמט זיך, און צו־ריקגעקערט מיט דער בשורה, אז — מע גייט...

אין דער טיר; וועלכע איז אלץ פארבליבן האלב-אפן, — האט זיך אריינגעשטעלט די מעכטיקע פיגור פון דער צעיווירענער מאדאם; אין א רויטן באד־ראק; און, מיט א מאטע אין האנט, וואס זי, די דינסט, האט זיך גענומען, איצט, צו טוישן...

זי, די מאדאם, איז, ערשט, קענטיק, געווען גוט געשטימט... דאס האט ער, (רעזקין,) געהאט צו פארדאנקען, הלמאי — זי נעמט אים אויף, בכלל... ווייל — ער, דער באלעבאס, איז נישטא... ערשט פארטאג, צו־ריקגעקערט פון א טאנץ-באל — זיי, מיט דער טאכטער־און־זון, זאלן געזונט-זיין... דערפאר, איז זי פארשלאפן דעם פרימארגן... אבער, בי־כער? — ווער דארף היינט ביכער, יונגערמאן — נאך אידישע, דערצו?!...

—...אט, קומט, אדרבה, וועט איר זען... עס ליגט בא אונז אנ־געוואליעט א פול צימער מיט זיי. נישטא זיי, וואו אהינצוטאן... מיין מאן קויפט אלץ אן; קאן נישט אפזאגן די ארעמע יונגעלייט, נעבעך... מע שלאגט אפ די טירן, באטאג, באנאכט — נישט אויסצוהאלטן פון זיי!...

— איר הערט, יונגערמאן: כ׳וועל אייך גיבן די פעזע — אבי, נעמט מ י ט אייער בוך מיט זיך...

נאָר, רעזקין האָט נישט געוואָלט... איצט, איז אים שוין נישט גע־גאַנגען דאָ אין דער פאַרשעמונג; (— פון וועמען?...) אַ וודאי נישט — אין דער אויפקלערונג פון דער זאַך. אָ, ניין... אָבער, אים האָט, פּלוצים, גענומען ווײַלן אָט דאָס אַלץ; אַליין־נישט־וויסנדיק, פאַרוואָס. עס האָט אים געפאַלן, אַ וודאי, דאָס, וואָס — יענער רעגט זיך אויף; בלײַבט אויסער זיך — גרייט זיך־אויסטאָן פאַר דײַנע אויגן אָדם־נאַקעט... נאָר, די אַליין, רעזקין, שטייסט אַנטקעגן, מיט פאַרלייגטע הענט, און שמייכלסט...

ווען זי, די מאַדאַם, האָט אַ זאָג־געטאָן... „— אָט, קומט, אדרבה, וועט איר זעען...", — האָט רעזקין געפּרוואווט מאַכן אַ באַוועגונג, ווי נאָכצוקומען איר וואונטש. אָבער, זי איז ווײַטער פאַרבליבן, אומדערשי־טערלעך, מיטן גאַנצן קערפּוס, אַפן שוועל... מע האָט עס, דאַרום, גע־מוזט אויסטײַטשן — איר אײַנלאַדונג אַרײַנצוקומען אינעווייניק, — אַלס הזיר'שער חנ'דל, נישט מער; אַ משל־כדומה... אַזוי, האָט עס רעזקין געטאָן.

ער האָט, איצט, גענומען אײַנ'טענה'ן מיט דער פאָרנעמער דאַמע, אַף יענער שוועל, ווי אומגערעכט זי איז... אָבער, ער באַליידיקט זיך נישט, חלילה. גאָט באַהיט, גנעדיקע פרוי... נישט מער; עס גייט אים בלויז אין דעם, אַז — ער מוז איר אויפקלערן די זאַך. אַרויסנעמען איר, אַ באַפרייען פון אַ גרײַלעכן טעות...

—...איר הערט, מאַדאַם... — און ער האָט אַ קוק־געטאָן אַף איר, שאַרף און שטרענג; געטײַט צו איר, מיטן פינגער; אויפגעהויבן דונערנד די שטימע — איר בלאַנזשעט, רעטזעלהאַפט, פאַטאַל, שיקזאַליש — פאַר זיך, אָ, און פאַר אײַערע קינדער... אָ, איר, שטאָלצע, אײדעלע מאַדאַם, אַלס אידישע מאַמע — אַלס טאָכטער פון וואָלהאַבנדן, בעטריבנדן און ערהאַבענעם אידישן פאָלק — אָ, קומט צו זיך זאָ־באַלד, זאָ־שנעל, זאָ־פאָרט!! — איר...

ער האָט זיך, ערשט, געקליבן רעכט צו צעווײנען, רעזקין. געפילט, וויאַזוי ער נעמט קומען אין קאָליר; אַנשלאָגן אין טאָן...

נאָר, דאָ, פּלוצים, איז די פרוי געקומען צו זיך. תחילת, האָט זי זיך איבערגעשראָקן. זי איז געבליבן, אַ געפּלעפּטע, שטיין; געמיינט — גאָט ווייסט, מיט וועמען זי האָט דאָ צו טאָן... ביז, זי האָט זיך געכאַפּט, פאַראַמאָל...

—...ווער איז ער עס, דאָ, דער פרעמדער, וואָס האָט זיך אוועקגע־שטעלט שרײַען, אַף איר טיר? ווי סמייעט ער, האַ? — בוזי, אבראַם, קינדער — וואָס טוט זיך עס דאָ?!

עס זענען געקומען צולויפן די קינדער, יונגנטלעכע; אַ אינגל מיט אַ מיידל. ביידע, אַליין נאָך נישט וויסנדיק — וואָס, — האָבן זיך, אײנס־

טינקטיוו, געשטעלט בא די זייטן פון דער מוטער, אַזויווי זי צו באַשיצן פאַר אַן אָנפאַל. זיי האָבן געקוקט אפן פרעמדן יונגערמאַן, (און דעם פּאַק־ביכער — אונטערן אָרעם,) מיט שטוינען און פּאַרדרוס: נאָך וואָס איז ער געקומען?!

און רעזקין; ער האָט צוריקגעקוקט אף זיי ביידן. איצט, האָט ער געשוויגן. נאָר, געשמייכלט צו זיי — אַזוי מילד, היימיש; און, זיין פאַרומערטע צורה האָט געפּראַוועט אויפלויכטן...

— מאַ... עס איז אונזער לערער!... — האָט, די ערשטע, אויסגע־רופן דאָס מיידל; און, אַ קינדישע פרייד האָט, מיטיינמאָל, באַשיינט איר פּנים; אָפּגעווישט דערפון דעם פאַרדרוס, די פאַרווירונג.

באַלד, האָט דאָס איינגל אויך דערקאָנט רעזקינען — דעם לערער פון פאַר־עטלעכע־יאָר־צוריק, ווען ער מיט בוזין, די שוועסטער — קליי־נע קינדער נאָך, דאַמאָלס — זענען געגאַנגען ביידע אין דער פאָלקס - שול... ער, אבראַם, האָט, איצט, אויפגענומען די באַגעגעניש אביסל קי־לער פון זיין שוועסטער. אָבער, ער האָט אויך געשמייכלט צום לערער... ביידע קינדער זענען אַרויס פונפאַרנט דער טיר; אים געגעבן די האַנט, רעזקינען; געפרעגט, וואָס ער מאַכט... נאָר, באַלד, זענען זיי, ווידער, געבליבן אין פאַרווירונג; נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן...

איז, אויך דאָס מאָל, די גוטע בוזי׳ געווען די ערשטע, צו קומען צו זיך. זי איז באַלד דערגאַנגען בא דער מוטער, אין וואָס דאָ גייט. גענומען איר גלעטן איבערן אָרעם; אַליין, אַ גערירטע, געקוקט צום לערער...

— מאַמי... נעם בא אים צו דאָס בוך. עס איז אַ רחמנות אף אים, דעם אָרעמען...

די אַלטע, דאָס אַלץ־צוזעענדיק, — האָט געשיינט צו ווערן מילדער. זי האָט שוין געהאַלטן בא נאָכגיבן...

נאָר, דאָ, מיטאַמאָל, האָט פּאַסירט עטוואָס מערקווירדיקס. צו דער טיר, פּלוצים, פון אינעווייניק, איז צוגעקומען ע ר א ל יי ן, דער באַלעבאָס... אַ קליין כינעזיש פּנים, אַ פאַרשלאָפנס; מיט גנבה׳שע פינ־טלדיקע אויגן...

— לאָמיך אויך וויסן, וואָס טוט זיך עס דאָ אַזוי לאַנג!...

און, עס איז געווען; אַזויווי ער האָט דערזען רעזקינען, —איז ער געבליבן, אַ פאַר׳חידוש׳טער; באַלד, די אויגן ארונטערגעלאָזט — פאַר זיין, רעזקינס, מילדן שמייכלענדן בליק...

נאָר, איר, דער אַלטער, איז געוואָרן נישט צו דערקענען. אַן אָנגע־צונדענע — באַלד, ווי איר רויטער ראָק — אפן פּנים, — האָט זי זיך געטאָן אַ קער אויס צום מאַן; די מאַטע, פאַרלוירן פון דער האַנט...

— ווער האָט געשיקט נאָך דיר, איצט? געזאָגט — ביזט נישטאָ!
— איז ווינציק?!...

— אָבער... — האָט ער איר געפּרואווט אריינפאַלן אין די רייד — איך זע, עפּעס...

— וואָס זעסטו, וואָס? — דו...

זי האָט זיך־געטאָן א קער אָפּ פון אים. אָנגענומען, אריינגעשאַרט ביידע קינדער פונדרויסן...

— איר, זאָגט, יונגערמאַן — וואָס ווילט איר? — איר זעט נישט — מיין מאַן איז נישטאָ? — (מיט א באַנומען קול) — ע ר, א י ז, נ י ש ט אָ ! ! —

און, זי האָט פאַרהאַקט רעזקינען די טיר הינטערן נאָז.

*　　　　　*

עס זענען אוועק נאָך טעג, און וואָכן. רעזקין האָט זיך אַלץ גע-מאַטערט. געוואָרפן פון איינס צום אַנדערן. נישט געקאָנט צוזוכן עפּעס אַן ארבעט, א שטענדיקע; מע זאָל וויסן, אז — דאָס איז עס.

ער האָט גענומען שפּירן, וויאַזוי בא אים דאָס געזונט רייסט זיך אונטער. באַלד, און ער נעמט פאַרלירן איבער זיך דעם קאָנטראָל. וועט ער גרייט ווערן — לאָזן מיט זיך טאָן... אָדער, פאַרוואָס טאַקע נישט נעמען — א ל יי ן, עפּעס אָפּטאָן א זעלבּם...

— וו אַ ס?!... — דאָס האָט ער נאָך רעכט אַליין נישט געוואוסט. ער האָט זיך נאָך אַלץ געראַנגלט מיט זיך. מיט יענעם. באַלד, אַליין נישט געוואוסט — מיט וועמען; מיטן אומבאַוואוסטן פיינט; זאָל זיין — מיטן האַרטן ווילדן ארום; וואָס האָט זיך, אצינד, אויף זיין לעבן פאַר־לייגט; וואָס וויל אים נישט קענען מער...

...נו, און ער אַליין, רעזקין, וואָס זאָגט? — דאָס אייגענע. דער גאַנצער סאָציאַלער ארום נעמט אים ווערן פרעמד, און אָפּגעפרעמדטער אַלץ, ווייטער — פון-טאָג-צו-טאָג... צי — לווינט, מיט־אַן-אמת, דער גאַנצער געראַנגל? און, פאַר וועמען? — פאַר אים, רעזקינען, דעם אויס־געשפּיגענעם בעטלער אפן גאַס ארויס?! — דעם שטאָלצן מאַן פונעם רינשטאָק?! —

...— נו, און אז מע וויל אים נישט קענען קיינס, איז וואָס? טאָ, עקט זיך די וועלט?!... אָ, כאַ-כאַ־כאַ, נאַראָנים, וואָס איר זענט.... — און, ער האָט זיך צעלאַכט, ווי אויס א מוטנעם אָפּגרונט אפּער...

דאָס, האָט ער געלאַכט אויס זיין שונא, די פיינע דערצוויגענע וועלט. די, וואָס טרייבט אים פון זיך, ווי אַן אומריינעם.

די, וואָס האָט פאַר אים מורא — דעם אביון, התאב לכל דבר —
פאַר אים, דעם אָרעמאַן, וואָס גייט אומעטום, אָן-גאָרנישט —
אייגנס;

נ אָ ר ער גלוסט צו אַלצדינג־פרעמדס;
ער באַגערט; ער נעמט, אומגעפרעגט —
וויבאַלד, דו גיסט נישט אַכטונג אויף אים.
ווי אַלדינג איז זיינס; אייגן זיין באַגער —
זיין אומדערזעטלעכער לוסט נאָך יענעמס...

ער האָט, איצט, געלאַכט — הויך און שטאַרק,
אויס זיין שונא, די זאַטע וועלט.
די, וואָס ציטערט פאַר זיין קראַפט.
אַנטלויפט, אין שרעק, פאַר זיין אימה'דיק-אומשולדיקן ריינעם בליק.
די, וואָס שליסט זיך אָפּ, הינטער טיר און טויער,
אַז זי דערשפירט,
— ער, קומט מאָנען דעם חוב...

—...אָ, ווי איר פילט דאָס — איך באַזיץ
אַ מערקווירדיקע אייגנשאַפט — אייך צו
דערפירן ביז צום אַבסורד.
אַז, איר זענט נידערטרעכטיק,
וועט אייך מיין בליק אויסטאָן
נאַקעט, ביז צום גרונט,
אייך לאָזן שטיין אַזוי,
שענדלעך-אַנטבלויזט,
פאַר דער הערלעכער שיין פון טאָג.
איין קלייד נאָר דערלויב איך אייך, דאָן,
אַרויפצואוואַרפן אויף זיך, די ערוה צודעקן —
דעם לבוש פון תמימות.
אַליין, וועל איך בלייבן שטיין, איצט,
אייך קעגניבער, אומבאַוועגזאַם ווי גראַניט,
אומגיין איבער אייך מיטן בליק;
און, איך שמייכל... אָ, איך זע צו,
ווי מיין גרויזאַמער בליק
לאָזט אייך שוין נישט צורו
ער יאָגט, ער פּלאָגט אייך,
אַז, איר קאָנט זיך קיין אָרט נישט געפינען;
מאַכט אייך משוגע, ווי אַ זלידנע גיפטיקע פליג,

אז זי שטייט צו, נישט אָפּצוטרייבן...

מיין בליק, הויבט אייך פון באָדן אויף.
ער דרייט מיט אייך אין לופטן,
אַזוויווי איבער אַ פּלאַם —
אַ בושה־פּלאַם;
ער צינדט אייך אָן, אָ, ער פּרעגלט אייך
אין אייער אייגענעם זאַפט,
ויצא הפּרשדונה —
און, דאָס גאַנצע ביסל עיפּוש,
וואָס איר האַלט באַגראָבן אין דער טיף,
ווי אַ באַהאַלטענעם אוצר, אייער אייגנס —
נעמט ארויפשלאָגן אַף אויבן,
פאַרומווירדיקן די לופט...

אַזוי, נעמט איר באַגיין
די גרעסטע געמיינהייטן, קעגן מיר,
זעט עס איין אַליין; נאָר,
איר קאָנט אייך גאָרנישט העלפן...
אָ, ער, מיין בליק, טרייבט אייך צו דעם,
באַגייט איבער אייך אַ טאָפּלטן שפּאַס:
ער מאַכט אייך לעבערלעך־רוי,
און צייגט אייך דאָס — פאַריינמאַל...

...איך בין פאַר אייך דאָס בילד
פון דאָריאַן גריי. אין אייער וואוט,
ווערט איר מיך־צו־פאַרלענדן־גרייט,
אַבי, פון דעם גרויזאַמען בליק זיך באַפרייען.
אָבער, איר פונעם גורל אנטלויפן
וועט נישט קענען. דער קינזשאַל,
וואָס ווערט געשטרעקט צו מיר,
אָ, ער טרעפט אין אייער אייגן האַרץ...

און, רעזקין האָט ווייטער געלאַכט; ווילדער; משונה׳דיקער. ער האָט, ערשט, הויך גערעדאָעט...

—...נו, און ווען בעטלער איז וואָס,
לעצטער נאָמענלאָזער הונט,

איז שלעכט? — אָבער, ווער באַדאַרף אים
אינגאַנצן, אייער אָנגעהאָנגענעם נאָמען —
איך?! — צי, קאָן איך נישט זיין פריי,
אומעטום, לעבן, אומגיין — אליין?
ווייסט, איך בין נאָמענלאָז, אין גרונט
פון מיין באַשאַף. איך דערוואַך
אָן אַ נאָמען, און אויסגעטאָן
פון צייט און אָרט. עס מוז אריבער
אַ רעכטע ווייל, ביז איר קומט
איבער מיין קאָפּ, דערמאָנט
מיר —ווער איך בין... אָבער,
וואָס געהער דאָס אָן מיט מיר?! —

...ווען, איך גיי אוועק פון אייך,
מיינע טייערע, האַרציקע —
אייך נאָר פאַרלאָזן,
מיט דעם פאַרהאַסטן נאָמען;
איר קאָנט אייך באַגיין מיט אים, ערשט,
ווי נאָר אייער האַרץ באַגערט —
און, איך אליין קום אין אַנדערש-וואו,
דאָרט, ערגעץ אין דער וועלט, —
גיי איך מיר אום — דער בן-בלי-שם,
אַ, דער אויסגעלייזטער פרינץ, פריי,
אַף גאָטס שיינער ליכטיקער וועלט;
בענטש די שעה, אַ, יענע רגע,
וואָס זי האָט מיך לויז-געמאַכט
פון אָט דעם נאָמען, דעם קרעבס...
— ער לאָזט מיך נישט אויפהויבן דעם קאָפּ.
ער פרעסט מיך אויף, אַ לעבעדיקן.
ברענט און ראָט מיך אוים, צום גרונט.
אַ, ער ברענגט מיך, פאַר דער צייט,
פון דער וועלט — אליין, וועט ער בלייבן
לעבן, דער טייפלשער באַציל,
טאָן-פרוכפּערן-זיך, מערן, און אָנגעזויפּט
מיט מיין אָרעמען לעבנס זאַפט... אַ,
ער וועט גאָרנישט דענקען ווען
אויפצוהערן זיין...

—...ערשט, אונזער איניגסטער היגיענע-קוואַל —
אַ, פריינט פון מיין גלייכן; איר, מענטשן־בעטלער,
ווי איך — אונזער פרייע פפלענע
וועט האָבן כוח צום פאַרמעסט
אױף דער באַצילן-מעננע —
זי פאַרטיליקן פון דער מיט.
אַז, אויפקומען זאָל פרייגעשאַלטעטער מאַן,
נאָמענלאָז, געוואַגט און נאַקעט.
ער איז צו אַלע עקן וועלט, אַנטבלויזט.
צו ווינטן און שטורעמס, אויפגעדעקט.
צו הויכן און גרונטן, אַנטפּלעקט...
— אַ, קומט, נעמט מיך. איך בין — א י ר...

*    *

אזוי, האָט ער זיך געריסן, רעזקין,
מיט דעם לעצטן שפּור ווילן, אוים דער צאַם;
פון דער סאָציאַלער קייט געשעעניש.
זיך־אָפּגעגיבן, אױף בלינד, דעם טיפן
אינערלעכן גאנג, וואָס האָט געשלאָגן אין אים,
אויפגעדרענגט-צעשטורעמט, ווי א דינאַמישע קראַפט,
א זייגער-באָמבע — מע זאָל איר לאָזן
טאָן אירס; עס ברויך נאָר קומען
די אָנגעצייכנטע שעה — און, ער איז דאָ,
דער גרויליקער אמת, דער אויפרייס...

ער, האָט זיך־געלאָזן טראָגן, רעזקין,
מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי געזאָגט, אהין,
צו דער נידער פון דער שיינער פאַרפּוצטער שטאָט.
מיטן מוטנעם שטראָם, גלייך
צו דער קלאָאַקע, דעם רינשטאָק,
דעם אָפּשווענק, אמתן לעצטן אָפּפאַל,
אזויווי ער...
...בעטלער — אַלע, דאָרט, יונג און אַלט.
וואָס בעטלט מען דען נישט?
מע בעטלט קרעץ, זינד און ליבע;
שאַנד און שפּאָט.
מע בעטלט בא דער שיינער אויבערשטער שטאָט...

...אהער קומט, צו אונז,
אַ, איר אייביקע אמת־זוכער
פון גאָט, און פון מענטש.
מיר, אייער טוגנט, באַשאַף —
לעצטער פּערפעקטער מאָדעל —
ווייסן צו אַנטפּלעקן וו אַ ס
פון אמת, ווי פון שרעק...
מיר, דער שאלקהאַפּטער אמת,
אייער גאָט... אהער קומט
צו אונז, אפן וואַרעמען שוים,
וועט איר אויסרוען פון דער מי,
קריגן באַלוינט — פאַר דער פּיין;
וועט איר אויספּליסן אייער אומרו און זאָרג,
צוריקקריגן כוחות צום קאַמף...
אַ, אהער קומט, צו אונז,
איר, נאָבעלע ריטער פון גייסט;
אַ, גיכער, איילט אייך צו;
ווייל באַלד קילט אוים פאַרפּייניקטע שוים,
עס וועלקט אָפּ יונגע ברוסט,
פאַר דער צייט — פון אייער אומדערזעטלעכער
חזיר'שער לוסט; און דאַן,
וואָס וועט עס זיין פון אונז?!

...אהער, האָט עס אים געצויגן,
בלינד, פאַרשפּאַרט; ווי מיט צוועגגער,
רעזקינען. נישט נאָכגעלאָזן מער,
באַטאָג, באַנאַכט. ביז, ער האָט זיך גענומען
אַראָפּלאָזן אפן דעק. און, דאָ האָט ער
אָנגעטראָפן זיינס־גלייכן.
אַזוי' נאָמענלאָז, ווי ער.
פאַרפינצטערט־פאַרצווייפלט. אַלציינס...
ער, האָט זיך, איצט, מיט אַן אמת,
געמאָגט פילן צופרידן,
אז דאָס טיפע רעטזעלהאַפטע לעבן
איז נאָכגעקומען זיין פאַרלאַנג,
זיין שווערן פאַרפּלאָנטערטן דראַנג;
אים, נאָך לאַנגע הינדערנישן,
ענדלעך, אהער געבראַכט. ער,

וועט, דאָ, שוין אויסרוען, ערשט,
פאַר דער גאַנצער צייט...

...אָבער, ער איז נישט געבליבן דאָרט אינגאַנצן, רעזקין. עס האָט אויסגעזען, וויאַזוי דער זעלבער מיסטעריעזער כוח, האָט אים געבראַכט ביז אַהין; אים, גלייך, גענומען טרייבן פון דאָרט אַף צוריק; ווידער, צו די זייניקע, אין דער הויך. ערשט אַצינד, האָט זיך רעכט גענומען אין אים צעפלאַקערן דער געראַנגל; יענער משונה׳דיקער בראַנד פון תּמיד, וואָס האָט אים נישט געלאָזן רוען... ער, איז געגאַנגען, און געקומען; אָן אויפהער. געזוכט, גענישטערט, פיבערהאַפט, פאַרביסן. עס האָט אים אומגעטראָגן, ווי אַ רוח. און, דער פייערבראַנד האָט זיך געטאָן דאָס זייניקע — אים נישט אויפגעהערט צו פאַרצערן...

...אין די אָוונטן, דאָרט, איז ער
פאַרפאַלן געוואָרן אין־ערגעץ;
געזוכט, וואו זיך־צוטוליען,
אויסהערן, וואָס עס טוט זיך; אַליין —
נישט־אַנזעעוודיק אינגאַנצן, נישטיק:
ווער וועט אים דען שענקען אַ בליק?
זיך־רעכענען מיט זיין ז יי ן ? ! . . .

אָבער, ניין. ער האָט זיך גענומען
אין די אויגן ווארפן
מיט דער שטילקייט, איידעלער באַנעמונג.
זיין וואָרט — אַזוי צאַרט, עס קומט
פון דער ברוסט ארויס; עס גלעט,
אַזיווי סאַמעט, איבערן האַרץ,
איבער יעדן אבר. און דער בליק
באַ אים, ער איז ציטעריק און פול
מיט זאָרג... אַ געריריטער, קומט ער צוגיין
און קוקט אַף אונז, ער ווייטיקט מיט
אונזער עלנט, אונזער פּיין... פונוואַנען
האָט ער זיך דערנומען,
דער טייערער מענטש? אָ, זאָגט,
וואו וואַקסט עס אַ זעלבער, וואָס מאַכט
אויפציטערן דאָס האַרץ
מיט האָפענונג און שרעק,
אויפשווילן ס׳צעטראָטענע געמיט

מיט זודיקע קוואַלן טרערן,
זויבערע בתולה־קוואַלן, אומבאַרירט,
ווי ערשט האָט דיך די מאַמע געהאַט?!...

...ער, איז געוואָרן דאָס וואונדער, דאָרט,
אין דער נידער, די שרעק־אַנטפּלעקונג,
די טיף־אין־געהיים־פאַרשטיקטע,
אינעם בלוט בײַ יעדער קרעציקער צווײַג,
דער געפּאַלנסטער — מאַג־זײַן,
בײַ דער געשענדעטסטער — אַלציינס...
מע האָט געקוקט צו אים, מיט חידוש,
געטוליעט זיך אין אים;
און, וואַרעם, מענטשלעך־גערירט,
און קינדיש־אַזוי, טיף־אומשולדיק,
טאַקע נאָר, ווי די געפאַלענע קאָן עס זײַן,
געוואָלט אים באַשענקען, אָ, מיטן איינציקן,
וואָס מע פאַרמאָגט נאָך דאָ — מיט אָרעמער,
אָבער צאַרטער לאַסקע, אַזאַ ריינער,
ווי גינגאָלד, ערשט, באַם קוואַל...
נאָר, וואָס האָט מען געקאָנט מיט אים טאָן?!
אז ער אַליין, פאַר זיך,
האָט קיינמאָל גאָרנישט פאַרלאַנגט.
איז אומגעגאַנגען דאָ, אַפּן דעק
פון האָס און פאַראַט, און געהיילט
מיט גוטן קלונגן וואָרט, בליק און שמייכל.
אַזוי איידל געגאַן איבער שווערער
יאַטערנדער וואונד... אַזוי גאָטספאַרכטיק־פרום
און ציטערנדיק איבער דעם ווערד
פון יענעמס האַרץ, וואָס שלאָגט אויס,
אַזוי גרויס און טיף, ווי דער טיפער גלאָק
אין דער נאַכט אַריין, אָ, דעם אומויפהערלעכן רוף
צום מענטש — זאָג, וואו ביזטו,
מענטש, באַפרייער, דערלייזער?
אָ, וואו באַהאַלטסטו זיך אויס?...
אומעטום, אין דער הויך, צי דער נידער,
קלינגט אויס דער נאָמען — מענטש,
קלינגט שיין דער אָפּרוף — מענטש,
דער איינציקער מענטש, דער גרויסער,

דער שטאַרקער, דער גוטער,
אָ, ווי דאָס קלינגט ניי, דאָ,
אפן דעק, דער אויסרוף — מענטש...
אז, עס בריט אָפּ מיט גליק דאָס האַרץ,
מיט אזא נאָך-נישט-געאַנטער פרייד,
שרעקונגס-פול און זיס,
אזויווי די ליבע, אַלציינס,
אזויווי דאָס קינד...

און, מיט ערפוכט-גענומען,
מיט ליבע און עקסטאַז,
האָט מען, דאָרט, אין דער נידער,
צוריקגעקוקט צו אים,
דער בעטלער אין געזאַנג.
ער איז געווען פאר זיי
אומבאַרירבאַר-הויך.
אומדערגרייכט פאר יעדן,
ווי דער חלום אין געהיים, אָ,
דאָס צאַנקענדע פלעמל גליק...

* * *

אין אַ הויז, דאָרט, וואו ער איז אריינגעקומען — אָפּטער, ווי אין אַ צוויייטס, — האָט זיך גענומען צוטוליען צו אים אַ יונג מיידל, פון ערגעץ אפן לאַנד; און, נישט געוואָלט מער אוועקגיין.

זי האָט אים אויסדערציילט איר האַרץ. איינמאָל; און אַ צוויייטס...

...זי בענקט אַהיים; צו דער מוטער. העכער זעקס יאָר, אַז זי האָט איר נישט געזען. זי גייט אוים נאָך דער מאַמען. נאָך דער היים... אָ, מע האָט איר אריינגעצויגן אַהער, מיט גוטע רייד; מיט גליקן — איר ארויסגעשטוילט פון דער היים...

...איצט, קוקט זי זיך ארום — וואָס וועט דאָ ווערן פון איר לעבן?!

— אַ תל. באַלד, אירע יונגע יאָרן אוועק... פינצטער איז איר באַשטאַנד; די טעג; מיט די נעכט. זי איז עלנט דאָ; ווי אַ שטיין. האָט נישט קיינעם, וועמען אָנטרויען זיך; פאַרלאָזן... ביז איצט, האָט זי געהאָפט — אין דער פינצטער, אין דער שטיל — זי וועט זיך קענען ראַטעווען פון דעם, אוועק!... — זי זעט, אָבער, נישט ארוים, וויאַזוי. עס ציט אריין ד אָ ס; טיפער ווערט... ענגער, די צווענג ארום האַלז...

זי, האָט גאָר מורא געהאַט עס אפירצוברענגען פאַר די ליפּן — פאַר דער בעסטער חברטע... אָ, דאָ, ווען מע דערהערט  ו ו ע ר ........  מע לויערט אַף איר לעבן!... געגומען שפּירן — זי ווערט איינגעשלאָפן, ווי אַ שטיין. לאָזט מיט זיך טאָן אַלץ...

...אצינד, איז זי שוואַך, ווי אַ קליין קינד. נאָר, זי וויל אהיים... אוועק פון דאַנעט — ער הערט?!... זיינע רייד האָבן איר צעוועקט. זי האָט דערזען די מאַמען פאַר די אויגן. זי, וויל נאָך לעבן! אָ, זאָל ער איר זאָגן — ו ו אָ ס   ש ו ו יי ג ט   ע ר — וואָס קאָן זי טאָן?!...

...זי, האָט אים, איצט, געהאַלטן פאַרן אָרעם; שטייף, ווי אַ צווענג. געקוקט צו אים, ערלעך-שטרענג. שרעק און פּיין אין איר בליק...

...ער האָט דערפילט, דער בעטלער — זי, וועט אים נישט אָפּלאָזן מער, די קליינע. זיך־אָנגעהאָנגען אָן אים, מיט איר גאַנצן שוועך־מוט, גרויל און האָפענונג... אָ, ביזל וואַנען, זי וועט האָבן אירס געפונען...

...ער האָט געקוקט צו איר, מילד, די גאַנצע צייט; געשמייכלט... ער אַליין, רעכט, מיט-אָן-אמת, האָט נישט געוואוסט, וויאַזוי מע נעמט טאָן... דאָ, האָט ער אָבער פאַרשטאַנען: — עס שטייט פאַר אַ נעראַנגל — אַ שווערער, פּיליכט — מ י ט  ו ו ע מ ע ן  פון דער פינצטער... אָ,  י ע נ ע ר,  ד אָ ר ט,  וועט זיך נישט לאָזן...

...ביז, ער האָט געפּאַסט מיט איין מאָל: — דאָ, קוים גייט ער טאָן, פירנעמען זיינס, — איז  ג ל יי ך.  אומגעריכט און פּלוצים. אַז ק יי נ ע ר  נ י ש ט  דערוואַרט עפּעס.  ק יי נ ע ר...  אָ, דער צייט־געווין איבער אַלץ!

* *

עס איז אויסגעפאַלן, יענע, מאָל, פאַרנאַכט. זיי זענען געוועןביידע אַליין, אין איר צימער...

אַז זי האָט עס פון אים דערהערט, — איז זי געבליבן שטיין, אַ דערשראָקענע אַף טויט. געשפּירט — אין איר שטאַרבט אַף דאָס האַרץ; אַלע גלידער... באַלד, האָט זי זיך אָנגעכאַפּט פאַר אים — ער זאָל איר באַשיצן...

נאָר, זי האָט אויפגעשווידערט, פּלוצים; אים ארומגענומען — אינ־גאַנצן, ווי ער איז... אָ, ניין. זי, גייט,  א י ם,  ערשט, פאַרשטעלן פאַר דער גריילעכער געפאַר...

זי האָט געהאַלטן בא צוזאַמענברעכן אין ספּאַזם...

—...וואָס גייט ז' טאָן, די אומגליקלעכע?!... — פּאַראַטן אַלץ, און אַף שטענדיק!...

נאָר, ער האָט איר באַהערשט. איר פּעסט אָנגענומען פאַרן קאָפּ. איצט, האָט ער איר אַרייננעקוקט אין די בליקן; אייגן, נאָר שאַרף, איר באַפוילן:

— רואיק זיי...

און, זי האָט אים געפאָלגט... אַזויווי' האַלב־באַוואוסטלאָז, איט אי־בערגעגיבן איר באַהאַלטן ביסל געלט. דערנאָך, האָט זי געהערט, וויאַזוי ער איז אַרוים אין דרויסן. ער איז אַראָפּ אין גאַס...

...דאָרט, וואַרט ער אַף איר... איין ווײַלע בלויז. זי מאַכט זיך - צורעכט...

און, זי האָט געכאַפּט די מינוט; געקומען נאָך אים...

ערשט, האָבן זיי ביידע נישט געטאָרט פאַרבלייבן לענגער דאָ, קיין איין רגע, אַפן פּלאַץ. געקאָנט ווערן געפערלעך...

עס איז געווען אָוונט-צייט. די גאַס, אַרום זיי — פול מיט מענ-טשן, פאַרבײַגייער. ער האָט איר גענומען אונטערן אָרעם. פאַרמישט מיטן לעבעדיקן שטראָם. אַוועק, מיט דער ריכטונג צו אַ צווייטער גאַס. דאָרט, באַלד, האָט ער געכאַפּט אַן אויטאָ. ער האָט געהייסן פאָרן ווייט. ביז, מע האָט זיך פאַרהאַלטן לעבן אַ האָטעל.

און, עס איז געווען, אַצינד; אַז זיי ביידע זענען פאַרבליבן, באַניים, אַליין, אין אַ צימער, — האָט זי געגומען קומען צו זיך, די קליינע, ווי פון אַ פּלעט — פון דער פאַרלאָפענער שרעק...

...דאָס אַלץ האָט פּאַסירט פאַר איר אַזוי שווינדלדיק־שנעל. זי האָט נישט געשפּירט דאָס האַרץ, ביז איצט. אומגלויבלעך. גרויל... ערשט, האָט זי דערוואַכט, פאַראַמאַל, אַזוי ווי אַ קינד פונעם שלאָף — מיט אַ שרעקלעך געוויין... אָ, זי האָט דערזען די שיין פאַר די אויגן, ד' אָרע־מע. דערפילט אירע אייגענע געהירן אין מארך... ז' איז אַרויפגעפאַלן אים, דער בעטלער, אַפן האַלז. זי האָט געצאַפּלט, מיט בלוט און מיט טרערן, פון אויבן ביז אַראָפּ...

עס האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד פון אָפּהאַלטן איר דערפון. געדוכט, אַז קיין כוח אין דער וועלט וועט עס גאָרנישט זיין אײנשטאַנד, אַצינד, צו טאָן... נאָר, מע האָט עס נישט געטאָרט אויך.

עס איז געווען גוט קענטיק, וויאַזוי זי, דאָס אומגליקלעכע קינד, מוז אָפּגיבן אַצינד, אָ, די גאַנצע פּיין און שרעק, גרויל און שאַנד, — וואָס איר אויג האָט צוגעזען; עס האָט איר לייב דאָס איבערגעפּילט — פ אַ ר, ד ע ר, צ ײ ט; פ אַ ר, ד י, י אָ ר ן, פון איר עלנד -

און-וויסט-זיין... נאָר, זאָל מען איר זאָגן — פאַרוואָס?! אָ, מאַמע מײַנע, פאַרוואָס?!

אָן ענטפער האָט זי געוואָלט דערגיין, די קליינע; אַ באַשייד אויף דער פּיין... און, זי האָט אַליין געבליפּעט, צעצויגן, אויסגעגאָסן; לייכטער, שטילער. געטוליעט זיך אינעם בעטלער. אים געהאַלזט. געבליבן באַהעפט צו אים. אויסגעלייטערט, שטיל...

ער, האָט איר געגלעט, פּאַטערלעך, צערטלעך, איבערן קאָפּ און פּלייצע...

—...נו, זאָל שוין זיין געגנוג, טײַערע... — דאַכט זיך, מיטגעוויינט מיט איר...

און זי איז איינגעשלאָפן אַזוי, אויף זיינע הענט. רואיק, ווי אַ קינד...

...עס איז געווען פאַרטאָג. ער האָט איר צעוועקט אויפן געלעגער.

זי האָט געשמייכלט צו אים; לייטזעליק, שטיל...

...אָ, זע, דורך א י י ן נאַכט, איז זי גאָר־אַנדערש געוואָרן... איר באַלד נישט צו דערקענען. ווי, גאָר אַ נייער מענטש פאַרן אויג גייט אויף...

נאָר, ער האָט איר גענומען צוזאָגן מיטן אָנטאָן...

...אָ, ער קאָן נישט רואיק בלייבן; אז ער וועט איר נישט האָבן געזען, מיט די אייגענע אויגן, אָפּגעפּאָרן פון דאַנען... און דערנאָך, באַקומען אַ בריוו, פון איר געשריבן — וויאַזוי זי איז אויפן אָרט, בײַ דער מאַמען...

באַלד, ווידער, האָט צוריקגעקערט די זאָרג; אַזוי ווי נעכטן אויפן אָוונט.

זיי האָבן זיך, ביידע, צורעכט־געמאַכט; און, אָן־ווערטער אינגאַנצן, פאַרלאָזן דעם האָטעל.

ער האָט איר, אַצינד, געפירט צו דער באַן; וואָס איז געלעגן ניט־ווייט פונעם אָרט; און, מע האָט געקאָנט צוגיין אַהין צופוס.

זי, אַ געהאָרכזאַמע; פּונקט ווי פריער — איצט, געגצלעך — אַ רעזיגנירטע, — האָט זיך געלאָזן...

נאָר, אויפן וועג... איז ער, מיט איר, אָפּגעטראָטן, אַ מינוט, אין אַ געשעפט.

אינעווייניק, האָט ער איר געבעטן אָפּקלויבן, פאַר זיין געלט, אַ שטיקל צייג — זאָל זיין דער מאַמען אויף אַ קלייד...

—...ער שיקט איר אַ מתנה מיטן קינד...

האָט מען דאָס געמאָגט זעען; ווי אַזוי, איר פּנים האָט אויפגעשטראַלט, פּלוצים, מיט גליק און פרייד... אָ, זי האָט דערפילט, מיטיינמאָל, אין אים, דעם בעטלער, איר פריינט אויף תמיד...

איצט, אפן אָוונט; איז רעזקין געגאַנגען אַהינצו, אין יענעם האָטעל; וואו ער האָט געקאָנט באַקומען פון איר דעם בריוו.

נאַכט־בא־נאַכט, אַזוי; שוין אַ וואָך צייט אין דעם — איז ער אַהין געגאַנגען. נישט געווען רואיק אַליין. אויסגעקוקט אויף איר ענטפער...

...דעם אמת געזאָגט: האָט ער איבערגעקלערט נאָך פאַר עפּעס. ער האָט געשפּירט, אַז — דאָס איז נאָך נישט אַלץ. וויאַזוי, י ע נ ע ר פינצ־טערער שאָטן, וואָס האָט געהויערט איבער איר, די גאַנצע צייט, — לויערט אַצינד, פון ערגעץ אַ ווינקל אפשר, אָן עק, איבער זיין קאָפּ. ער, קוקט, אַ וודאי, אויס די מינוט, ד' רגע — ער זאָל קאָנען, פון באַהעלטעניש אַרויס, זיך־אויף־אים־אַרויפוואַרפן, דערלאַנגען...

האָט ער כאָטש געוואָלט, רעזקין, פאַרבלייבן זיכער מיט איר...

און, עס איז געווען, דאָס מאָל; אַז ער איז צוגעקומען, רעזקין, צום האָטעל, וואו מע האָט אים שוין געקאָנט.

איז, נאָך איידער ער אַליין האָט באַוויזן צו עפענען דאָס מויל, — איז אים דער דינער אַנטקעגנגעגאַנגען, מיט דער בשורה:

— דער בריוו וואַרט אויף אים; נאָך פון אינדערפרי־אָן...

ער האָט אים אַרויפגעפירט, מיט דער ווינדע, צום צווייטן שטאָק; געבעטן אויפוואַרטן, אַ ווייַלע, אין אַ קליינעם האַלב־באַלויכטענעם סאַ־לאָן, ווי פאַר געסט. דאָרט אַהינצו, האָט ער אים אַריינדערלאַנגט דעם בריוו. געקראָגן זיינס. געדאַנקט. ער איז אוועק...

...רעזקין אָן אויפגערעגטער, האָט צעריסן דעם קאָנווערט. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט באַ אים, ווי נאָר צום אַרויספאַלן. ער האָט געעפנט דאָס בויגעלע פּאַפּיר. געלייענט...

„...טייערער, מיינער... איך בין אינדערהיים,
מיט דער מאַמען. איך האָב איר
אויפגעניימט, מיט דיין צייג, דאָס קלייד אַזוויי
דו האָסט געוואָלט... אַצינד, טראָגט זי עס,
געזונט, און זי איז צופרידן... זי, דאַנקט דיך,
מיין פריינט, פאַר דאָס, וואָס דו
האָסט פאַר איר געטאָן. פאַר מיר. און,
זי בענטשט דיך, בא גאָט...
נאָר, איך, וואָס זאָל איך טאָן,
אַצינד, זאָג, טייערער, אָן דיר?
וואו זאָל איך מיך אַהינטאָן, גיין?!...
אַז, מיין ליבּ און זעל בענטשן דיך.

באַטאָג, באַנאַכט...
גייען אויס נאָך דיר; יעדע רגע,
יעדע מינוט... קוקן דיך אויס,
דערוואַרטן דיך... ווייל, צו דיר, אָ,
געהער איך, פאַר גאָט, מיט מיין לעבן,
פון איצט, און אף אייביק... נאָר,
אָן דיר, איז מיין לעבן נישט ווערט... ווער
באַדאַרף עס? צוליב ווּעמען?!..."

...אין אַ העכערן שטאָק האָט זיך צעזונגען
אַ קינד. אַהער איז דערגאַנגען
דאָס געזאַנג, לויטער, וואַרעם... עס האָט
גערופן, אומשולדיק, צו פרייד, ערלעכקייט,
זיין קינדיש-צאַרט, און גלויבן...

...פון דער שוועל, האָט אָפּגעשפּאַרט
אַ שאָטן. געגאַנגען גלייך אף אים,
דעם בעטלער. מיט דער אויסגעשטרעקטער
האַנט, פאָרויס. האַרט, צו אים...

..— דעם ברייוו אַהער-גיב!...

...נאָר, דאָ, מיטאַמאָל, כאַפּט י ע נ ע ר
די האַנט אַוועק. ער פאַרשטעלט
זיך, מיט איר, די צורה. און, ער
נעמט צוריקטרעטן...

...ע ר ש ט, ו ו י ד ע ר — ווי מיט שעה'ן פריער —
האָט ער עס דערשפּירט, דער בעטלער —
ע ס ט ר ע ט ט א ו י ף א ף א י ם, אָ,
ד ע ם ט אַ ט נ ס ג ע ש ט אַ ל ט... עס בליצט
איבער אים — אַ שיין. אָפּגעטאָן.
באַלד, ווידער, לייכט עס אויף...

...— מיין זון גייט אף קרומע וועגן, אצינד...
וואו בלאָנדזשעט אום מיין קינד?!

...— אָ, טאַטע, זאָג, וואָס גיי איך טאָן

פאר א שלעכטס?!... טאטע הארציקער,
וואו איז דער וועג?!...

...און, ער האט אויסגעבראכן אין א יאמער־געוויין,
דער בעטלער... ווי יענע, פיליכט,
די עלנטע צויג, אז זי האט דערשפירט דא,
צום ערשטן מאל — זי איז פריי...

...ער האט, מיט בלוטיקע טרערן ,אצינד,
באנעצט דעם בריוו,
— ער האט אלץ געהאלטן אין האנט —
געצאפלט מיט זיין גאנצן גוף; אליין,
א, גארנישט געקלערט וועגן אויפהערן...

...עס האט, פון אויבן, דעם קינדס געזאנג
זיך געשטארקט.
געגאנגען, ערשט, איבער זיין קאפ,
ווי א גשם-ברכה, אלציינס...
געגלעט... געשטילט... אויסגעזאגט...
...א, עס איז נאך דא אין-ערגעץ א וועלט
פון לויטערער אומשולדיקער פרייד...
מע דארף זיין קינדיש־צארט דערצו,
און גלויבן...

---

א דערשלאָגענער אינגאַנצן, א דערשרעפטער, — האָט רעזקין, שפּעט אַפן אָוונט, צוריקגעקערט, פון דער נידער, צום שטאָט-צענטר.

ער איז געגאַנגען איבער די צוגעשטילטע גאַסן; האַלב-אויסגעלייר־דיקט פונעם מענטשן-זשום; האַלב-אויסגעלאָשענע, מחמת די געשלאָסענע געשעפטן, מיט זייערע ראַש-לויכטנדע שוי-פענצטער... אַזוי, איז ער זיך פאַרגעקומען אליין, איצט — אויסגעברענט און פאַרלאָשן. אומפּילבאַר, כמעט, צו אַלץ, וואָס טוט זיך אַרום... בלויז די זעלטענע אויסרופן פון די צייטונגס-פאַרקויפער האָבן אים, יעדעס מאָל, געמאַכט אויפצאַפּלען, פאַר שרעק. זייער אויסשרייען די מלחמה-ידיעות פון אייראָפּע האָט אים געלעכערט זיין מוח. ווידער צוריקגעבראַכט צו זיך; שטורמיש, צע-טרייסלט. דערמאָנט, — וועער, ער, איז...

...עס האָט, מיט דער גאַנצער שאַרפקייט, פּלוצים; —
ווי פון א העל-בלאַנקענדן חלום — דאָס שניידיקע ליכט —
געגומען אַרויסטרעטן פאַר אים אליין זיין מהות, אַלס איד איבער דער וועלט...
...דער ערשטער, צום געשלאָגן ווערן.
חרוב ווערן.
פאַרשטאַרקן דאָס אייביקע פאַרפייניקטע געשריי.
אָ, דעם עלנטן רוף נאָך הילף...

...וואוהין טרייבט דאָס אים אום,
אצינד, דער טאַטע זיינער?!...
א שוכן עפר, פון יאָרן.
ער לאָזט אים נישט רוען.
האָט, אליין, צעשטערטע רו באַקומען —
אָ, דאָרט, אַפן הייליקן אָרט —

אין יענע אַלטע אידישע ישובים
אין פוילן, וואָלין...
אָ, אונזער וויגעלע; די היים...
אהין האָט עס אָנגעטראָגן אַ בייזער שטורעם פונעם ים.
דעם שונא׳ס האַרדעס.
פארלייגט אויסצורייסן אַלע...

...זיי טוען אויסהאַקן די שווערע דעמבעס
פונעם אוראַלטן וואַלד, דעם איד...

...אָ, זיי שענדן; פארפייניקן;
און, זיי טוען לעסטערן דיין נאָמען,
פאָטער פון ישראל;
פארוואָס דו דערלאָזט צו דעם —
דעם רשע׳ס האנט זאָל אזוי אומשאַלטן
פריי, אומגעשטערט...
...טאָ, וויאזוי קאָנען טאטנס אַלטע ביינער
איינליגן אין זייער רו?!...
...עס טראָגט זיי פון קבר אפער,
גיין, אומבלאָנקען, אין שוידערהאַפטן גרויל.
עס יאָגט אָן זייער אימה׳דיקער רוף.
אהער גרייכט ער, פון אומעטום...
„...— זון מיינער... וואו גייסטו אום —
אז דער רשע טרייסלט מיט די זיילן פון דער וועלט?!...”

...נו, און די וועלט אליין;
יענע גאַנץ-גרויסע אויפגעקלערטע וועלט;
די באַלויכטענע און אידעאַלע;
אויסגעפוצט אין אַלע טראכטן פון גלויבן,
און לויטערן קלאָרן פארשטאנד, —
— האָט זי דערהערט דעם רוף נאָך הילף?
— אז מיר האָבן געוואָרנט פאַר אָנקומענדן שטורעם,
פון לויערנדער געפאַר?
— אויפגעשווידערט ו ו ע ן פון אונזער געשריי?
— געבליבן צעטרייסלט, ביז דער טיף,
אז דער שונא האָט זיך פארמאָסטן
צו פארטיליקן גאָטס פאָלק?!

...אַ, מיר — און די וועלט.
גרויס איז דער חשבון צווישן אונז...
ווי ווייט פאַרבליבן, אייביק.
פרעמד פון אַנאַנדער...
אָפּגעטיילט דורך ווענט.
שווערע טויבע מויערן:
פאַרשטיקן מענטשלעכן רוף;
דאָס האַמערן פון האַרץ...

...וואָס ווייסטו דען, וועלט פאַרשטענדיקע,
אין דיין אויפגעקלערט באַלויכטן ווינטשאַפטלעך האַרץ
אַז פון יענעם היילקן האַרץ-געבריום,
וואָס שלאָגט, אוים טיפסטע קוואַלן
פון לעבן און זיין?!

...אַ, מיר — און די וועלט!...
וואָס מיר האָבן איר אַלץ נישט צעגעבן,
דער אָרעמער!... געשיכטע,
די טיפסטע געטלעכע וויזיע
פאַר דורות און צייטן.
דער דין און רחמים. אין געראַנגל...
...מתחילה, ברא את העולם
במדת הדין.
ראה, שאין העולם מתקיים,
הלך ושתף מדת-הרחמים...
...דער קלאָרער לויטערער פאַרשטאַנד, דאָס רעכט,
אומבוויגזאַמע שאַרף פון געדאַנק, —
און, דאָס אומשולדיקע האַרץ;
דאָס קינד, וואָס רופט נאָך פאַרגעבונג...
.. יענער לויכטנדער נביא,
פאַרפלייצט די וועלט אין זיין ליבע, —
און, דער אימה'דיק שטרענגער מוכיח,
ער מאָנט דעם חוב דעם גערעכטנס...
...אַ, דער יעזוס, און דער מאַרקס,
אין אייביקן קאַמף און פלאַטער...
נאָר, דו, עלנטע וועלט,
וואָס, האָסטו, געמאַכט פון זיי!...

„...— אהיים גיי, מיין קינד... — רופט
דעם טאַטנס קול, אין זאָרג —
עס איז אַ פּחד דאָרט,
אַליין זיין, אָן דיר..."

...זאָל ער גיין צוריק אהיים?!... אומקערן צום טאַטנס גאָט; אַזוי, פּשוט, אָן חכמות — זיך אָפּקערן אינגאַנצן פון דער גרויסער שיינער וועלט; מיט איר ליבע און גוטס, וואָס ז' האָט אַלץ אָנבאַרייט פאַר דיר...

אוועק פון איר; מיט יענעם מין דערהויבענעם שטאָלץ; פון די אַלטע שטאַם-אידן; אָ, יענע עשרה הרוגי-מלכות...

...זיי האָבן געוואוסט, וויאַזוי אַ לעבן אָפּצולעבן. געוואַרט אַף דער שעה, דער לייטזעליקער רגע — אַז, עס זאָל שוין אָנבאַהעפט ווערן די נשמה צו אחד; אַליין אויסגיין בנשיקה...

...וואָס ווייסטו דען, רייכע שטאָלצע וועלט,
פון דער אָנבאַגעגעניש צווישן לעבן און טויט?
אָ, פון יענעם זיסן באַהעפט
פ ו ן ז יי ן ־ א י ן ־ נ י ש ט - ז יי ן?!
עס שלאָגט אוים טיפסטע טראַגישע פרייד.
ניי יונג-געשפּראָצט לעבן אין גאַנג...

*     *

...עס איז אים, אַצינד, פּלוצים, געקומען אפן זיכרון, רעזקינען, אַ מערקווירדיקע פּאַסירונג, פון צוריק מיט יאָרן, אין דער היים.

עס האָט צוריקגעקערט אַ מאַן פון אַמעריקע. ער איז אָפּגעווען דאָרט י אָ ר ן, אין דער גרויסער וועלט. געמאַכט געלט אַסאַך — אַזוי איז גע-גאַנגען דער נאָמען.

ער, איז נישט געקומען אהיים, מיטן געדאַנק צו בלייבן. — חלילה... נישט מער; אַז מע איז אין דער ווייטער וועלט — פאַרקאָכט, פאַררווישט, — טרעפט, אַמאָל — אינדערמיט פון יענעם גרייזלעכן טומל, הו-הא — פאַרהאַלט עס דיך, פּלוצים; אַזוי, טוט דיך אַ נעם פעסט פאַרן קאַרק...
— ...בלייב שטיין. וואָס איז דער געאייל, וואוהין?!...

און, דו קוקסט דיך אַרום... ווירקלעך, וואו ביזטו אין דער וועלט?!...
עס ציט דאָס הארץ, נישט איבערצוטראָגן. כאָטש גיי זיך אַ מעשה אָנטאָן... וואָס נעמט מען פאַר?...

אין אזא פאל; טרעט ארויס, פלוצלינג, ד י ה י י ם, פאר דיין צעמישטן בליק...

...ז' איז שיין, אצינד,
אין אלע זיבן חנ'ען,
יונג, און שיינט...
אז, דאס הארץ נעמט קוועלן,
עס צעגייט, פאר פרייד...

איינמאל, דו האסט דיך געלאזן פאנגען פון איר, דער היים; אין דער נעץ, וואס זי טוט שפרייטן, א, תמיד, צו איר'ע קינדער, אין דער פרעמד, — און, ז' וועט שוין נישט אפגיין פון דיר; דיך נישט צורו־לאזן מער... א, דו, גליקלעכער, וואס דו ביזט... מוזט איר טאן איר באגער...

אזוי, איז ער פארכאפט געווארן, יענער מאן, פון דער פלוצים־דער־וואכטער בענקעניש.

עס האט זיך, גראד, אזוי געמאכט, וואס ער איז נאך — דארט, אין דער נייער וועלט — א פרייער פויגל געוועזן, נישט צוגעבונדן צו קיינעם. ווען דו ווילסט — הויב דיך אויף, און פאר!...

און, ער איז אראפגעקומען אף דער לוסט־רייזע, א צעשמייכלטער; א גליקלעכער. ער איז, פלוצים, יונג געווארן, ווי א קינד...

...דא זאל געבראכט ווערן. צוזאמען מיט דעם מאן, איז געקומען צופארן נאך איינער — א פשוט'ער יונג פון פאלק. כמעט, א שטומע צונג... נישט מער; אז ער הערט, אומעטום, מע רעדט פון א לוסט־רייזע, — האט עס אים גענומען... און, דא, פלוצים; ער האט דערזען — יענער פארט, — האט עס א יאג־געטאן אף אים א הייסער ווינט; צעשפארט די געהירן אין קאפ... ער, קאן זיך שוין קיין ארט נישט געפינען מער. ער מאכט נישט קיין שהיות — ער פארט מ י ט!.. —

אבער, די היים — מע זאל מיט איר נישט זיין געפרואווט...

און, עס איז געוועזן... אז ער האט א קוק געטאן, צום ערשטן מאל, אף דעם טאטן, דער מאמען — א, וויאזוי זיי ביידע, פאר דער צייט, זענען געווארן געעלטערט, שוואך... אמת, זיי האבן זיך נישט פארקלאגט. חלילה... נאר, בלויז אפגעפאלן, איינגעגאנגען, דא, אים, אפן אויג..., — האט עס אים פארן הארצן פארקלעמט, נישט אויסצוהאלטן. ער האט זיך גענומען טומלען, מישן פארן דמיון... ד א — ד א ר ט — איין קאבע־ניש...

זיי, האָבן, אַלע יאָרן, געהאַלטן אין אייזן־קראַם. אַליין געהאַרעוועט, ווי די אייזלען.

און, עס איז אויסגעפאַלן, באַלד, אין אַ מאַרק־טאָג. איז ער ארויס־געקומען, דער אַמעריקאַנער, אַ פּאַרפּוצטער; צוקוקן, וויאַזוי עס גייט דאָרט צו. ער איז, גראַדע, אָנגעגאַן אַף דעם, וויאַזוי דער טאַטע האָט זיך געריסן מיט אַן ערל איבער אַ פּרוטיקל אייזן; און, יענער האָט זיך געוואָרפן שלאָגן... אַז, עס דערלאַנגט אים נישט אַ זעץ דער גאַנצער כוח־הדם אין קאָפּ אריין...

— ...וואָס, דו היצל איינער... מיינסט, ס'איז דיר הפקר אַ וועלט?!...

ער איז, מיט איין מאָל, ארוים פונעם אַמעריקאַנער ראָק. בליץ־שנעל געוועזן אינדערמיט. און, אַז ער האָט אריינגעפּאַסט דעם רוצח אין צורה דעם ערשטן שרעקלעכן פּלעם, — האָט ער, גלייך, דערשפּירט אַף זיכער

— ע ר ב ל י י ב ט א י נ ד ע ר ה י י ם!...

ער איז נאָך, אַ שטיק צייט דערנאָך, אומגעגאַן צע'חוש'ט. געהאַט אַ פול מויל מיט ווערטער, קליאַטשע. געבאַלאַבעטשעט, געפּלאָנטערט מיט דער צונג... ביז וואַנען; ער האָט, ענדלעך, גענומען אויסשפּייען די קלעק. מע האָט צוגעזען, וויאַזוי עס לייטערט זיך דאָרט, בא אים, אין די געהירן. ער נעמט קומען צו זיך...

גאַנץ אַנדערש, אָבער, איז עס צוגעגאַנגען באַם ערשטן גאַסט...

...ער איז, גלייך, צוגעטראָטן זיך־נאָכפרעגן אַף פריינט, חברים פון־אַמאָל.

ווער פון זיי עס איז געוועזן אַוועק אין דער וועלט אריין; זיך גע־האַט צעפאָרן־צעגאַנגען, אַזוי ווי ער... אַנדערע, פאַר דער צייט, זענען גאָר איינגאַנצן אַוועק פון דער וועלט —

— ...גענומען, אַט־אַזוי־אַ, מע גיט דיר אַ שטאַרב — ווי טוט מען עס גאָר אַזאַ זאַך?!...

עס האָט אים געקרענקט דארויף דאַס האַרץ... גאָר די, וואָס זענען יאָ דאָ — אמת, שטאַרק־פאַרעלטערט, נאָכן אויסזעען; אָבער, מע לעבט, — מיט זיי האָט ער זיך, איצט, ארומגעכאַפּט, דערפריידט, געהאַלזט און געקושט... אָ, ער וועט זיי שוין נישט אָפּלאָזן מער!...

מע איז געגאַנגען צוזאַמען; פאַרבראַכט. געזעסן, דורך די נעכט; אָפּגעפרישט מעשות פון אַמאָל, — אָ, נאָך פון יענע יונגע יאָרן; אַז מע איז אַליין אַזוי קינדיש געווען; האָט זיך געגלוסט שטיפן, וואַיעוועןַ... היינט, וואו נעמט מען גאָר די כוחות פון אַמאָל?!...

חברים האָבן געזיפצט. זיי זענען געווען מיד. געצויגן נאָך רו...

ער, אַף זיי קוקנדיק, האָט מיטגעזיפצט...

...עך, וואָס ווייסן זיי פון אַ לעבן?... אַלע יאָרן, אין שפּאַן געגאַנגען; אין דער קאַלייע; אַזוי ווי בלינדע, אַלציינס... בלויז ער, איינער אַליין, האָט זיך צעווּספּאַלאָשעט, פּלוצים, אַזוי ווי אַ פערד פון די האָלאָבלעס אַפּער; געעפנט די אויגן; דערזען פאַר זיך דעם טאָג... ער קאָן זיך גאָרנישט אָפּ־האַלטן... ניין. ער וועט זיי נישט לאָזן מער איינדרעמלען. נ אָ ר — ער וועט זיי מיטרייסן מיט זיך... אַ, מירן נאָך באַווייזן, וויאַזוי מיר לעבן אויף דער וועלט!...

ווידער האָט ער געטרייסלט מיט זיי. געדופן נאָך זיך... ער האָט, איצט, אויפגעברייעט, פאַר זיי אַלעמען, פון אַמאָל — ווען מע איז געווען ליבהאָבער; זיך־אויפגענומען צוזאַמען; געשפּילט טעאַטער...

— ...איז דאָס, דאַמאָלס, אַ לעבן געווען, אַ פרייד!... פאַרוואָס נישט, ע ר ש ט , פּרואוון נאָכאַמאָל?! — אָט, אַזא רעכטן טרייסל־אָפּ די נאַרישע פאָר יאָר פונעם קאַרק אַרונטער — אַז זיי זאָלן צום טייוול פאַרפליען! אַליין, זיך־נעמען צו עפּעס רעכטס —

— ...חברים — און, ער האָט צעפירט מיט די הענט, פאַר באַגייס־טערונג — מיר זענען דאָך נאָך נישט געשטאָרבן?!...

אַזוי האָט ער געלאַכט צו זיי; געמונטערט...

נאָר; זיי, די אידן, האָבן אים אָנגעקוקט, דערשטוינט. עס האָט זיי גענומען ווערן, פּאַראַמאָל, די גאַנצע זאַך קשה און פאַרדעכטיק. און, עס האָט זיי אַלעמען געאַרט — נאָך וואָס ברענט ער עס אַזוי?!... דו, קוק דיך נאָר אָן, ווי דו זעסט אויס — מיינסט, דו ביזט אַ אינגעלע?!... אין אַמעריקע געזעסן; געאַרבעט, געלעבט. — צואוואָס האָט דיך אָנגעטראָגן, ווי אַ רוח, אַהער; קאָנסט נישט איינרוען?...

— ...ער שרייט — פאַרבענקט אַהיים. נישט געקאָנט איבערטראָגן מער, דאָרט, די פרעמדקייט, ד' האַדאָסט — רעכט. אפשר, איז דאָס אַזוי. ער איז נישט דער איינציקער, אין דעם פּרט... אָבער, צואוואָס דאָס וואָיעווען אַזויפיל? איינליינגן וועלטן; לאָזן מענטשן נישט צורו?... און, ס'אַנדערע... — ,

— ...וויפל איז דער שיעור?! — ביזט דיר אָנגעווען דאָ גענוג; אָפּ־געפריידט; דערפרישט, — פאַר דיר, געזונטערייט, צוריק אַהין, פונוואַ־נען דו ביזט געקומען!... — אַלא, וואָס דען... —

—...האָסט דיך איבערגעלייגט, אפשר... רעכנסט, אינגאַנצן, צו פאַר־בלייבן, אינדערהיים?... — איז — אויך, די אייגענע מעשה — טאַ, בלייב. אָבער — מיט אַ טאָלק. געלאָסן. ווי אַ מענטש... זע, ווי' דער צווייטער, דער פונעם אייזנוואַרג, האָט עס געמאַכט... צואוואָס, דער טומל — שיטן יענעם זאַמד אין די אויגן, האַ?!...

זיי, די חברים זיינע פון אמאָל — מיושב'דיקע אידן פון א גאנץ יאָר; פארעלעטערט, און בייז-פאר' דאגה'טע; טאטעס פון קינדער, שוין דערוואַקסענע, — זיי האָבן דאָס נישט געקאָנט צוזעען מער. עס האָט זיי געקרענקט, וואָס מע דרייט זיי א קאָפּ מיט נעכטיקע טעג; און, זיי האָבן עס אים געמוזט ארויסזאָגן...

נאָר; ער, אז ער האָט דאָס דערהערט, — איז ער געבליבן, א פאר-ציטערטער.... עס איז געווען קענטיק, וויאזוי עס גייט אים אין גאנצן לעבן — דאָס אויסצופירן.

ער האָט געבעטן; געפאדעט. ביז, ער האָט זיינס באוויזן. אָבער — ש ו י ן, צ ו ם ל ע צ ט ן מ אָ ל! — אזוי האָט מען אים געוואָרנט...

און, מע האָט זיך גענומען פאר דער זאך, מיט ברען און אימפעט. עס איז אוועקגעשטעלט געוואָרן א ספעקטאקל, אף חידושים...

קינד־און־קייט האָבן אָנגעפולט דאָס טעאטער... ער אליין, דער גאסט, האָט געגלאנצט אין דער קרוין-ראָל, ווי אמאָל...

עס איז געגיבן געוואָרן אן אלטמאָדיש שטיק; מיט געזאנג אסאך און אינטריגע... וויאזוי מע האָט זיך פארלייגט אף דעם לעבן פון אן ערלעכן מאַן. אים געבראָכן פון אלע געשעפטן. אים אליין, דעם אלטן, פון זינען געבראכט.

...און, עס איז געווען, אצינדערט, אפן בינע... אז ער, דער גאסט, האָט געטאָן א לויף-ארויף — א צעשויבערטער; א מבולבל; אין א געלן באלאט; גענומען ווארפן אומזיניקע רייד; שליידערן געלט פון די קע־שענעס, אין אלע זייטן; שרייען, כאָרכלען מיט דער קעל, אזוי־ווי עמי־צער וואָלט אים פארן האלז געוואָרגן, — איז א סקרוך פארביי אלע-מענס לייב... אין טעאטער איז געווען שטיל — א פחד. מע האָט אים דערזען פאלן. בלייבן ליגן...

ווען מע איז צו צו אים — איז ער שוין געווען רואיק...

—...קומען אהיים שטארבן... א השנה אביסל פון א אידן!... דאַ־רויף, האָט ער דאָס באדארפט אָנלייגן אזויפיל ווער... איבערשרעקן א שטאָט מיט מענטשן!...

* *

רעזקין איז, ערשט, געגאנגען איבער דער זעלבער אָנסע-געגנט, ווי באטאָג. דורך דעם ריזיקן פענצטער פון יענעם גרויסן קאפע-הויז —

האַרט, בײַ דער שויב — האָט ער, דאָרט, אינעװײניק, דערזען זיצן פֿאַר אַ טישל אַ באַקאַנטן; אַ קריסט. אויך יענער האָט אים שוין געהאַט באַ־מערקט; און, עס איז געװען קענטיק, װיאַזוי עס האָט געלאָזן בײדן אין אַ פֿאַרװירונג...

...ער, רעזקין, פֿלעגט זיך טרעפֿן מיט יענעם גאַנץ־זעלטן; און, דאָס אויך, זײער נישט גערן.

ער איז געװען, יענער, פֿון דעם טיפּ מענטשן, װאָס מע לײגט אַװעק אַלץ אין אַ זײַט. אַלײן טוט מען אויך גאָרנישט. מע שלינגט די שפּײַעכץ. זיצט, מיט פֿאַרלײגטע הענט; מע װאַרט אָפּ די סאָציאַלע רעװאָלוציע...

„...— אָ, זאָל זי נאָר קומען, די ליבינקע... אונזער האַרצנס טײַע־רע... — עס גלאַנצן אים אויף, דערבײַ, די בליקן — חלפֿים צװײ! — װי מיר װעלן שוין װיסן, װיאַזוי זיך צו באַגײן... װאָס, ע ט י ק זוכט איר? — אָ, נישט געזאָרגט, ברודערקע!... מירן צעבײַטן אָט די אַלע אײדעלע סוביעקטלעך — אַזױװי איר קוקט זײ אָנעט — ל ו י ט אַ ל ע כ ל ל י ם פֿ ו ן ע ט . . . כאַ־כאַ־כאַ...”

...מיט רעזקינען, קענטיק, איז באַ יענעם אָנגעגאַנגען אַ מיספּאַר־שטײעניש... ער האָט אים, פּראָסט־פּשוט, געלאָזן צעמישט... נישט אײנ־מאָל; האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן, רעזקין, פֿאַר אים; געשפּאַרט די פּעזע, (...די לעצטע, אפֿשר, זײַנע אַלײן...) אין דער שטיל — קײנער זאָל נישט מערקן:

„—...נעם. פֿרעס. מירן שוין אַדורכקומען...”

מע האָט עס געזען, באַשײַנפּערלעך, אַז די זאַך האָט יענעם גע־קרענקט. געמאַכט אויפֿזידן, פֿון כּעס. ער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּ־האַלטן. געמוזט אים דאָס אונטערטראָגן גלײַך אין צורה:

„...— באַ דיר, רעזקין, איז ערגער, װי מיט אַנדערע... דו קריכסט אונטער, װי אַ פּאַסקודע, מיט די טובֿה׳לעך דײַנע... לאָזט איבער הינ־טער זיך אַ געשטאַנק...... יענע, אַלע — זײ האָבן כאָטש װערדע. לאָזן הונגערן אַ שונא — אומקומען, קראַפּירן! — װײַל, אַנישט, — װעט ער — זײ... אָבער, דו, טײַװל אײנער — װאָס מאַכט מען מיט דיר?!... נאָר — אַלצײַנס, ברודערקע. מירן דיך דערשיסן, װי אַ הונט!... גראַדע, דער־פֿאַר — דו הערסט?!...”

...דערבײַ, האָט ער אַרויפֿגעבראַכט אַ פּאַסירונג פֿון דער הײם... װיאַזוי, צו זײ, אין שטעטל — אין יאָר נײַנצן־נײַנצן — זײַנען אַרײַן די באָלשעװיקעס. מע האָט, באַלד, צעקלעפּט אין גאַס אַפֿישן:

— „פֿאַר רויב װעט מען דערשיסן. גלײַך אויפֿן אָרט!”

„...— מאַכט זיך — אויפֿן אַנדערן טאָג איז דאָס געװען; באַ אײנעם אַ פּויער, האָט אונזערס אַ חבֿר — אַ רויטער אַרמײער, צוגענומען אַ

פאַר שטיוול... — ער האָט זיי געדאַרפט, מסתמא; די פאַרשטייסט? — ווייל, אומזיסט נעמט מען נישט! —

„...— אָבער. דאָס פויערל־גנב וויל פון גאַרנישט וויסן. אים גע־כאַפּט בא דער האַנט!... — און, ער רוט נישט איין. קריכט דיר אומע־טום, מ י ט א ז א ל י א ר ם נ ע פ י ל ד ע ר — איין קלייני־קייט! ער, דער כאַם, דער שײַלאָק, מאַנט גערעכטיקייט! ער מוז זעען דאָס בלוט פונעם רייטן אַרמייער, ווייל — אַזוי הייסט דאָס געזעץ!... —

„...— ביז וואַנען. עס האָט זיך נישט אויפגעהויבן דאָס גאַנצע רע־גימענט... „— וואָס טוט זיך עס דאָ?! די רויטע אַרמיי מאַרשירט, אין טריומף, צו באַפרייען די וועלט. איטלעכער חבר, פון אונז, איז גרייט, מיט געזאַנג אף די ליפּן, שפּאַנען דעם טויט אַנטקעגן! — און דאָ, דער — האָט זיך גאַליגעט אַ פויערל־ממזר — נישט אַנדערש, דאָס בלוט פו־נעם רויטן אַרמייער גיב אים?! — אַ פּ אַ ה י ב ע ל אַ ף אי ם !...״

„...— און, מע האָט אים אוועקגעלייגט, ווי אַ הונט. איז געוואָרן שטיל...... ער, דאָס פויערל, האָט זיך אויסגעריכט אַ שוואַרצן סוף. די שטיוול — דאָס איז געווען זיין אייזערנער בראָך! — ווען ער האָט דער־זען דעם טויט פאַר די אויגן — אַ קראַנטענע קלאָג, — האָט מען דאָס נעמאָנט צוקוקן, דאָס שטיק קריכנדיקע עיפוש — עס האָט געאָכטשעט און געכניושטשעט, געטרייסלט און באַמאַכט־זיך... אַ, ער וועט מ ע ר נ י ש ט... — וו יי ט ע ר ל ע ב ט!... — אָבער, וואו? — אונזער גערעכטיקייט איז גרויזאַם. אַז זי קומט, ווי דער שלייף פון אַ חלף — שאַרף, און שנעל!... — ה ע ר ס ט, ר ע ז ק י ן? — מירן דיך אויס־ראַטן, ד ע ם ע ר ש ט ן — פאַרשפּאַרן פּלאַנטערן פאַר די פיס.. קאַ־לויטען אונזערס אַ מענטש דאָס האַרץ...״

* *

נאָר, ערשט, אַז זיי האָבן זיך דערזען, — איז שוין נישט געווען מעגלעך דאָס אויסמיידן. אין אַ ווײַלע אַרום, איז מען געזעסן, צוזאַמען, באַם זעלבן טיש. באַשטעלט עפּעס. געפּרוואוט רעדן...

עס איז געווען, קענטיק, ביידן, איצט, שווער אַפן האַרצן — פונעם איבערלעבן (הגם, איטלעכער — אף זיין שטייגער.) די געשעעניש פון דער וועלט... עס וואָלט, דאַרום, אפשר דאָס גלייכסטע געווען — נישט באַרירן דאָס איינגאַנצן. אויסלאָזן פונעם אויג. עס אַרומגיין...

נאָר, מע האָט נישט געקענט. וויבאַלד, בא ביידן, ערשט — האָט עס אויסגעזען — איז געווען איבערגעלאָזן דער געהירן, דאָס האַרץ מיטן זעלבן. עס האָט געדריקט די פּיין, דער ווייטיק — נישט צום אויסהאַלטן...

—...איך ווייסט, פריינט... — און רעזקין האָט זיך אָנגענומען מיט מוט, אויסגעגלייכט, אריין אין טאָן — איך טראכט, הייסט, א גאנצן טאָג, פון געשיכטע. זי טרעט נישט אָפּ פון מיר. פאַרפאָלגט מיך, וואו איך גיי און שטיי... ערשט אצינד, אייך דערזעענדיק, — איז מיר, פלוצים, אויפגעקומען אין געדאנק א היסטאָרישער קוריאָז, מעניני דיומא... איך מוז אים אייך איבערגעבן, כדי צו זעען דעם שפּור, וואָס ער וועט לאָזן אין אייך... ווייל, אף מיר ווירקט ער שרעקלעך; אזוי ווי אלץ, וואָס האָט צו טאָן מיטן טראַגישן גורל — מענטש...

—...הערט... פּאריז. 1870. געציילטע וואָכן, איידער עס ברעכט אויס דער קריג צווישן פראנקרייך און פּרייסן... אין א סאלאָן טרעפן זיך, דער דייטשער אמבאסאדאָר — פאר זיין אָפּפאָר — מיטן פראנצויזישן מיניסטער פון אויסערן. דער יעקי — מיט דער טעמפּער חוצפה, וואָס כאראקטעריזירט זיי איבעראל — נעמט רימען פארן מיניסטער די אומבאגרעניצטע קאפּאציטעט פון דער דייטשער אינדוסטריע... פאר איר גיבט נישט מער קיין אוממעגלעכס. זי איז, ערשט, אינשטאנד — אלץ צו באשאפן, פון גאָרנישט...

— דאָ, האָט דער מיניסטער זיך דערלויבט א שמייכל; און, אָן עפּעס צו זאָגן, האָט ער דערלאנגט א ציפּ א האָר פון דער באָרד; זי אָפּגעגיבן דעם אמבאסאדאָר — אלס באשיידענעם בייטראָג, פון זיין זייט, צו די רוישטאָף־לאגערן פון דער אלמעכטיקער דייטשער אינדוסטריע... עס הייסט, אז — דער אָפּמאך איז געווען געשלאָסן.

— אָפּגעלאָפן די צייט. די מלחמה ברענט, מיט פאטאלע טעג, פאר פראנקרייך... מיטיינמאָל, באקומט דער מיניסטער צוגעשיקט א פּאַקעט פון אויסלאנד. ער עפנט; און נעמט ארויס א קליין קעסטעלע. פון אינעווייניק — א מיניאטור־האנט, וואָס האלט י ע נ ע ה אָ ר. עס הענגען אף איר, פוןביידע עקן, באַלן צוויי; אויפגעצייכנט — עלזאס, לאָטארינגען...

—...איצט, גיט א טראכט, פריינט — נאָך דעם נ יי ע ם אָ פּ מ א ך... ד ע ם ל ע צ ט ן; ד אָ, פ ו ן נ י ש ט ל א נ ג — מ י ט ד ע ר ר ו פּ י אַ נ י ש ע ר ה אָ ר ס ט ־ וו ע ס ע ל ־ ג אַ נ ג ר ע נ ע... זע, צי איז זי נישט געבליבן הענגען אף א האָר, אצינד — ד י ג אַ נ צ ע וו ע ל ט ?!...

רעזקין האָט זיך אויפגעהויבן, מיט האסט, פון אָרט. יענער האָט אים אָנגעקוקט, פּינצטער. געקליבן, קענטיק, עפּעס צו זאָגן... נאָר. ער האָט גאָרנישט געוואָלט וויסן דערפון. עס האָט מיט אים אינגאנצן געטרייסלט, אז ער איז אוועק.

ער איז געלאָפן, אצינד, צו זיך אהיים — נאָכן גאנצן שרעקלעכן טאָג... אליין בלייבן. זיך־אָפּשליסן. פארשפּארן פאר אלץ אין דער וועלט!

אנישט, וועט ער פון זינען קומען — גאט, דאַ, באַלד, אפן אָרט!...

נאָר, עס איז נישט מעגלעך געוועזן מער... אָ, עס איז נישטאָ, וואו־הין צו אנטלויפן פאר דער פיין און שרעק פון דער וועלט... זי גייט דיר נאָך אומעטום. באַגלייט מיט איר געוויין. מיט איר גרויל...

...עס האָט, אצינד, איז אים אינגאנצן געקלאַגט זיין הארץ — א י ן ר ע ז ק י נ ע ן, ד ע ם ב ע ט ל ע ר, ד ע ם א י ד, אף דעם בראָך, וואָס האָט געטראָפן זיין פאָלק...

, ער איז אריינגעפאלן צו זיך אין צימער. נאָר...

...דאָרט, האָט ער שוין געטראָפן י ע נ עם פ ר יי נ ט, פון אָקאָרשט. דער זעלבער פינצטערער אויסדרוק אין צורה; אינעם בליק. ער האָט געוואַרט אף אים... אָ, אצינד האָט ער אים אויסגעקוקט, דער־טאַפּט...

...און, מיטיינמאָל, האָט איז רעזקינען דערוואכט — אָ, ער האָט עס דערשפירט — דער גאַנצער טראַגישער שטאָלץ פון צייטן, פון גאַנצן געפייניקטן פאָלק... ער האָט זיך געקערט צום פרעמדן...

—...הער אוים...

—...איך ווייס פון דיר פיל מער, ווי דו אליין.

אלץ, וואָס ד ו ווייסט, — איז דאָס פון מיר.

איך זע דיך ד ו ר ך אינגאַנצן. דו, קאָנסט דיך נישט אָפּטיילן פון מיר. דו פאַרפאָלגסט מיך. גייסט אום, מיט פארהוילענע געדאנקען, פון מיר. מיינסט — עס איז דיין ווילן, דערביי. אז דו ביזט פריי צו טאָן, גיין, קומען צו א שלום. אָ, דו מיינסט, אז דו לעבסט אליין...

—...נאָר, איצט איז שוין די העכסטע צייט, צו אויסזאָגן פאר דיר — ווער ד ו ביזט; ווער א י ך בין; וואָס דיין זוכעניש, דיין באַגער באַטייט...

—...דו, ביזט עס גאָרנישט חושד, אז — ד ו ב י ז ט נ י ש ט אָ א י ן ע ר ג ע ץ — אָ ן מ י ר, פשוט, ד ו ע ק ז י ס ט י ר ס ט נ י ש ט — פ אַ ר מיר.

דאָס האָב איך, דער איד — דער יעזוס, דער מאַרקס — דיך אויס־געדאכט, אזוי ווי דו שטייסט און גייסט...

אויסגעדאכט פון דיר א וועלט. א וויזיע פון מיין הארץ. דו, ביזט דער גרויסער חלום פון מיין מידן געדאנק אין פלאָנטער...

—...פון מיינע טיפענישן האָסטו זיך דערהויבן. געקומען אף גאַנס וועלט — זי דערפרישן מיט דיין קינדיש אומשולדיק געזאנג... עס האָט דיך מיין הארץ און מארך גרויס געמאַכט. דיך געאיידלט. געשפרייט

לעגענדעס פון דיר; פון דיין גוטס; און דיין שליחות — זיי, די אַלטע זיילן פון דער וועלט, צעטרייסלען, אויסרייסן זיי! — איצט, און דו — אַ נייע וועלט גייסטו בויען. געטונקט אין בלוטיקן געזאַנג פון מיין האַרץ...

—...נאַר, דו, אומגליקלעכער, וואָס האָסטו געטאָן?!...

—...דיך אָפּגעריסן פון שטאַם. געמאַכט פאַרגעסן, ווער דו ביזט. אַ ל יי ן, זיך דערשפּירט אין די כוחות... איבערדרייען אַ וועלט קאָנסטו. אָ, דו ביזט אייביק יונג. און ספּריטנע, ווי דער לייב. טוסט פלאַטערן, טומלען, ליאַרעמען. פילסט אָן גאַנצע רוים מיט אַזויפיל רעש; און פּרעכן געפילדער: — אַ ל יי ן, ווילסטו — פון אַצינד — אומגיין, הערשן, באַפעלן...

—...נאַר — אַ י ך אַ יי נ ע ר, שטיי דיר אין וועג. בין דיר גרוים אין די אויגן. לאָז דיך נישט רוען. רויב דיין שלאָף... און, דו האָסט געפּאַסט דיין באַשלוס — מיך אומצוברענגען, פאַרטיליקן... זאָג...

—...נאָך דעם ביזטו, אַצינד, געקומען?!...

אָ, וואָס-זשע שטייסטו, ווי אַ געליימטער? — נעם די האַק. און שטרעק אויס דיין מעכטיקן אָרעם איבער מיין קאָפּ. דעם שאַרבן פּלעט. דעם געדאַנק. לאָז דעם פאַרפלוכטן מאַרך אויסרינען. דיין קופּערנעם שטערן באַפעלקן...

—...אַזוי, בלייבסטו, אויף דיין אָרט, פּלוצים, אַ געפּלעפטער.
דער דונער האָט איינגעשלאָגן אין דיר.
דיר געעפנט דיין פאַרשטאָפּטן קאָפּ.
אָ, מיטיינמאָל, דיך באַזינען אויף דעם, וואָס
דו האָסט, אָקאָרשט, באַגאַנגען...
עס רייסט דיך אָפּ פון דעם פּלאַץ,
אין איינע פּאַניק, אין אַנגסט...

דו, גייסט, ערשט, אין דער וועלט,
אָ פּ ק ו מ ע ן ד יי ן ע ר ש ט ן ח ט א...
אָ, וויים, ברודער מיינער — דו גייסט נישט אַליין.
איך בין מיט דיר.

עס האָט דיין טאָט באַהעפט אונז ווידער,
איצט — אויף אייביק שוין —
אויף לעבן און אויף טויט;

מיר גייען, ערשט, באזאמען,
אין דער וועלט; מיר זינגען
אויס די שווערע פיין;

אָ, דעם געטער-שפּאַס
וועגן דער געשיכטע,
פ ו ן  ל י ב ע - א י נ ע ם - ה אַ ס . . .

ס ו ף .

ב. איירעס, 5־טן מאי 1940.